# קאַרל מאַרקס

## זיין לעבען, זיין ווירקען און זיינע לעהרען

.1818 — 1918

רעדאַגירט פון

**צ ב י ו ן**



אַרויסגעגעבען פון די

פעראייניגטע אידישע ארבייטער אָרגאַניזאַציאָנען

צו דעם הונדערט יעהריגען יובילעאום פון קארל מארקס.

ניו יאָרק.



קאַרל מאַרקס

# פאָרוואָרט.

דאָס פאָרליגענדע בוך איז ארויסגעגעבען פון דער פעראיי־ניגטער אידישער ארבייטער בעוועגונג. עס האָבען זיך פערבונ־דען די וויכטיגסטע אידישע ארבייטער אָרגאניזאציאנען, ווי די פעראייניגטע אידישע געווערקשאפטען, דער ארבייטער רינג, די אינטערנעשאָנאל ליידיס גארמענט װאירקערס, די אמאלגאמייטעד קלאָדהינג װאירקערס יוניאן, די אידישע סאציאליסטישע פעדערא־ציע, די „פארווערטס" אסאסיאיישאָן, די קעפּ מייקערס יוניאן, די פאריערס יוניאן, די נעקוועער מייקערס יוניאן און אנדערע, צו פייערען דעם הונדערט־יעהריגען געבורטס־טאג פון דעם גרויסען לעהרער און בעגרינדער פון וויסענשאפטליכען סאציאליזם, קארל מארקס, און ארויסצוגעבען ביי דער געלעגענהייט א בוך, וואָס זאָל דעם אידישען לעזער נעהנטער בעקאנט מאכען מיט דעם לע־בען, מיט דעם ווירקען און מיט דער לעהרע פון דיעזען גרויסען גאון, וועלכער האָט דער מענשהייט א נייע תורה געגעבען, א תורה פון גערעכטיגקייט, פון פרייהייט און גלייכהייט, א תורה וואס האָט בעצוואונגען די מוחות און די הערצער פון מיליאנען און האָט זיי בעגייסטערט צום קאמפף פאר א בעסערע, שעהנערע און גע־רעכטערע מענשליכע געזעלשאפט.

דאָס בוך ענטהאלט אין זיך א רייה ארטיקלען פון די בעסטע און בעקאנטעסטע אידישע סאציאליסטישע שרייבער אין אמעריקא. יעדער ארטיקעל איז א ספעציעלער קאפיטעל פון דעם לעבען, וויר־קען און פון די לעהרען פון קארל מארקס; און אלע צוזאמען גיבען מיט זיך א בילד פון דער גרויסקייט פון דעם געניאלען סאציא־ליסטישען לעהרער און א בעגריף פון זיינע אויפטהואונגען און פון זיינע לעהרען. דאָס בוך שטעלט דעריבער מיט זיך פאָר ניט קיין זאמלונג פון ארטיקלען פון פערשיעדענע שרייבער אָהן א צוזאמענהאנג צווישען זיך. אין גאנצען איז די ארבייט איינהייט־ליכע. אלע ארטיקלען האָבען א לאָגישע פערבינדונג צווישען זיך. אלע ארטיקלען האָבען דעם געמיינשאפטליכען צוועק ארויסצוברייננגען א קלאָרען בילד פון

קאַרל מאַרקס, פון זיין גרויסער פּערזענליכקייט, פון זיין טהעטיג־קייט און צו געבען אַ בעגריף וועגען דער פערשיעדענאַרטיגקייט און פיעלזייטיגקייט פון זיין שאַפען און ווירקען. יעדער אַרטיקעל איז אַ טייל פון אַ גאַנצער איינהייט און אַלע אַרטיקלען צוזאַמען שטעלען מיט זיך צונויף אַן איינהייטליכעס גאַנצעס — אַ בילד פון דעם לעבען און ווירקען פון קאַרל מאַרקס. לויט זיין אינ־האַלט און לויט זיין צוזאַמענשטעלונג איז עס ניט קיין זאַמעל־בוך, נאָר אַן איינהייטליך ווערק, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס עס איז געשריבען געוואָרען פון מעהרערע שרייבער.

כדי דאָס בוך זאָל טראָגען דעם כאַראַקטער פון אַן איינהייט־ליך גאַנצעס, האָט די רעדאַקציע זיך געגעבען אַלע מיה צו פער־מיידען, אַז עס זאָלען אין די אַרטיקלען פון די מיטאַרבייטער ניט פאָרקומען קיין ווידערהאָלונגען, אַז עס זאָל ניט אין דער אָדער יענער פאָרם איבערגעזאָגט ווערען פון איין שרייבער דאָס, וואָס עס איז שוין געזאָגט געוואָרען פון אַן אַנדערען. דאָס איז אָבער געווען זעהר אַ שווערע אויפגאַבע דורכצופיהרען אין איהר גאַנצער פינקטליכקייט. איינינע קליינע ווידערהאָלונגען האָבען דאָך ניט געקענט אויסגעמיעדען ווערען. און דאָס איז אויך נאַטירליך און פערשטענדליך. די פערשיעדענע צווייגען פון קאַרל מאַרקס׳עס טהעטיגקייט און פון זיינע לעהרען זיינען אַזוי דורכגעפלאָכטען איי־נע מיט די אַנדערע, אַז עס איז אָפט אונמעגליך זיי אָבצוטיילען און אָבצוזונדערען איינע פון די אַנדערע. ווען מען שרייבט וועגען די עקאָנאָמישע לעהרען פון קאַרל מאַרקס איז עס אונפערמייד־ליך ניט צו בעריהרען דעם היסטאָרישען מאַטעריאַליזם אָדער די פילאָזאָפישע לעהרע פון קאַרל מאַרקס; ווען מען שרייבט וועגען דער פילאָזאָפיע פון קאַרל מאַרקס איז מען געצוואונגען צו בעריהרען די עקאָנאָמישע לעהרען פון קאַרל מאַרקס, דאָס זעלבע איז ווען מען שרייבט וועגען קאַרל מאַרקס און דעם קלאַסען־קאַמפף.

אַזעלכע ווידערהאָלונגען וואָלטען אָבער פאָרגעקומען אפילו, ווען דאָס בוך וואָלט געשריבען געוואָרען פון איין פערפאַסער. זיי זיי־נען איינפאַך אונפערמיידליך, ווען מען וויל אַרויסברייננען מיט גענוג קלאָרקייט די לעהרען פון קאַרל מאַרקס און זיין פיעלזייטיגע טהעטיגקייט, וועלכע זיינען אַזוי ענג צווישען זיך פערבונדען.

אלענפאלס זיינען די ווידערהאָלונגען אזעלכע קליינע און אונ־בעדייטענדע, דאָס זיי שטערען ניט די גאנצקייט פון בוך. אין א געוויסען פרט זיינען די איניגע קליינע ווידערהאָלונגען א מעלה. אין דערזעלביגער צייט, וואס יעדער ארטיקעל איז בלויז א טייל פון גאנצען בוך, איז ער אָבער אויך ביז א געוויסען גראד עטוואס א גאנצעס פאר זיך. די ארטיקלען קענען געלעזען ווערען אין צו־זאמענהאנג איינע מיט די אנדערע און אויך יעדער בעזונדער.

דאָס בוך אין גאנצען גענומען איז זיכער א גרויסער בייטראג צו אונזער אידישער סאציאליסטישער ליטעראטור און עס האָט קיין בעסערע און פאסענדערע זאך ניט געקענט געטהאָן ווערען פון די אידישע ארבייטער ארגאניזאציאנען צו עהרען דעם אָנדענקען פון קארל מארקס, ווי ארויסצוגעבען דאָס דאָזיגע בוך, וואס וועט פיעל מיטהעלפען צו בעקענען די אידישע ארבייטער מיט דעם לעבען, מיט דער טהעטיגקייט און מיט די לעהרען פון דעם שעפפער און בעגרינדער פון דעם וויסענשאפטליכען סאציאליזם, וועלכער איז געווארען דער וועג־ווייזער פון דער ארבייטער־בעוועגונג און פון דעם ארבייטער־קאמפף אין אלע ציוויליזירטע לענדער פון דער וועלט פאר גערעכטיגקייט, פרייהייט און גלייכהייט — פאר א סאָ־ציאליסטישע געזעלשאפטליכע ארדנונג.

עס דארף דערביי אויסגעדריקט ווערען אנערקענונג צו די גענאָסען פ. געליעבטער, פון ארבייטער רינג, און מ. לולאָוו, פון דער אידישער סאציאליסטישער פעדעראציע, וועלכע האָבען פיעל מיטגעהאָלפען אין דער אויסגאבע פון דעם בוך.

בעזאָנדערס האָט גענאָסע פ. געליעבטער פיעל מיטגעהאָלפען אין צוזאמענשטעלען דאָס בוך און צו בעזאָרגען די ארטיקלען.

ניו יארק, דעם 15טען אפריל 1918.

עס איז גרינג צו טרעפען קינדער פון אידישע סאָציאַליסטען וועמעס ערשטער נאָמען עס איז „וויליאַם מאָרים", „לאַסאַל" אדער „בעבעל".

עס איז אָבער זיכער ניטאָ קיין איינער וואס זאל זיין א נאָמען נאָך קארל מארקס.

מאָרים, לאַסאַל און בעבעל זיינען געוועזן זעהר גרויסע, זעהר וויכטיגע סאציאליסטישע פיהרער, זעהר טיעפע סאציאליסטישע דענקער. אויף דעם געביט פון סאציאליזם זיינען זיי געוועזן פונקט אזוי וויכטיג, ווי וויכטיג עס זיינען געוועזן אויף דעם געביט פון לערנען די רבנים און רביים, נאָך וועלכע אונזערע עלטער־זיידעס האָבען גערופען ז י י ע ר ע קינדער. אָבער מיט זייער גאַנצער גרויסקייט, וויכטיגקייט און טיעפקייט זיינען זיי נור געוועזן מענשליך. זייער לעבען און ארבייט רופט ארויס אנערקענונג, דאנקבארקייט, אכטונג, אבער ניט קיין פערגעטערונג, קיין געמישט געפיהל פון שרעק און עקסטאז.

גאַנץ אנדערש איז קארל מארקס. פאר די מאסען וואס האָבען זיך געפונען אונטער דער ווירקונג פון דער סאציאליסטישער בעוועגונג איז מארקס געוועזן מעהר ווי א פיהרער, מעהר ווי א רבי, מעהר ווי א בראווער פארקעמפפער פאר א גערעכטע זאך. די בענשונגען וואס זיין לעהרע האָט געבראכט זיינען גרויס ווי די וועלט, טיעף ווי דער ים און הימעל. די הרפה וואס ער האָט געבראכט אויף די קאפיטאליסטישע געלערנטע מיט זיין בעווייזען די וויסענשאפטליכקייט פון סאציאליזם; די טיעפע קענטנים וואס ליגט אין זיינע דיקע ווערק אנגעפילט מיט געדאנקען, פאקטען און ארגומענטען וואס ניט יעדער קען פערשטעהן; זיין אריינדרינגען אין די טיעפסטע טיעפענישען פון דער געשיכטע אום ארויסצוקומען פון דארט מיט שטארקערע בעווייזע פאר דער זאך פון די ארבייטער פון דער גאַנצער וועלט — דאָס אלעס האָט די פאַנטאזיע פון פאָלק אריינגעוועבט אין א פערזענליכקייט האלב־מיסטיש, אונרעאל, האלב־געטליך.

נו, מען קען געבען א נאָמען נאָך משה רבינו, אבער ניט נאָך דעם רבונו של עולם. מען קען זיין אין נאָהענטער בעריהרונג מיט א מענשען, ווי גרויס ער זאל ניט זיין (און וואס גרעסער אלץ גרעסער דער כבוד) אבער ניט מיט א סימבאָל, א פאָהן,

א גייסט. אפילו די בילדער וואס מיר האָבען פון די סאציאַליס־טישע פיהרער ווייזען דעם אונטערשיעד. לאַסאַל שטעהט אין זיין גאַנצער הויך אָנגעשפּאַרט מיט איין האַנד אָן א טיש, און צוזאַמען מיט זיין קערפּער זעהען זיך זיינע שעהנע קליידער, זיין הויכער קראַגען. בעבעל זיצט ביים שרייב־טיש אויף וועלכען עס ליגען פּאַפּירען און ביכער, און איהם זעהען מיר אויף א י נ ־ ג אַ נ צ ע ן, מיט א סביבה, אַרומגערינגעלט מיט אַלטעגליכע קליינינקייטען.

אָבער פון מאַרקס׳ען איז אונז נור פאַרבליבען א קאָפּ. א גרויסער, רונדער קאָפּ אין א ראַהם פון גראַהע האָר, מיט צוויי קליינע אָבער שאַרפע אויגען אין מיטען. א קאָפּ וואס איז רונד ווי א זון, שטאַרק־געבויט ווי א פעלז, פערטיעפט אין עטוואס כמאַרנע, ווי א גרויס און אויפגעשטורעמט וואַסער. מאַכט אַרום אָט דעם קאָפּ א רינג פון שטראַהלען, א „האַלאָ״, און עס איז אפּאָס־טאָל פּעטער, אָדער דער הייליגער קיריל...

אַזוי איז דער נאָמען מאַרקס פון שטענדיג אָן א נאָמען מיט א כּשוף, א גייסט מיט א צוייבערליכען קלאַנג... וואס האָט גע־מאַכט מעגליך און אפשר נויטיג אָט די לעגענדע פון מאַרקס׳ען? וואס האָט אַרומגעוועבט אַרום זיין נאָמען אזא גאָלדענעם גע־וועב? זיין שטורמיגער וואַנדער־לעבען? זיין אַנטהייל נעה־מען אין רעוואָלוציאָנען? זיינע קעמפּפע מיט באַקונין׳ען? דער פייערדיגער סטיל פון זיינע אַרטיקלען? ניין, זיין ביאָגראַפיע איז צו די ברייטע קרייזען כמעט ווי אונבעקאַנט. פון אַלע סאָ־ציאַליסטישע פיהרער קען דאָס פאָלק אַמבעסטען די ביאָגראַ־פיע פון לאַסאַל׳ן צוליעב זיין שטורמיגער ליעבע און טראַגישען טויט. וועגען בעבעל׳ן האָבען אויך אַלע געוואוסט, אז ער האָט אָנגעפאַנגען אַלס געוועהנליכער אַרבייטער, אַלס שניצער, און אז ער האָט דערגרייכט צו זיין דער פיהרער פון די דייטשע סאָ־ציאַליסטען מיט זיין געבאָרענער געניאַליטעט. אָבער מאַרקס׳עס ביאָגראַפיע איז ווייניג בעקאַנט.

דער ברייטער עולם ווייס אויך זעהר ווייניג וועגען זיין מעהר־ווערטה טעאָריע און זיין עקאָנאָמישען דעטערמיניזם. ניט קו־קענדיג אויף אַלע בּערזוכען צו פּאָפּולאַריזירען מאַרקס׳ען, צו בעקענען דעם ברייטען עולם מיט דעם גענויען אינהאַלט פון זיי־

נע עקאָנאָמישע און פילאָזאָפישע לעהרען, זיינען זיי דאָך פאר דער גאר גרויסער מאיאריטעט פארט ניט מעהר ווי א פערזיגעלט בוך.

צוויי געדאנקען אדער פאקטען אדער לעהרען אין צוזא־מענהאנג מיט מארקס'עס פילאָזאָפיע, אין אן אלגעמיינער און פי־לייכט אויך ניט גענויער פארמע, זיינען, שיינט מיר, די איינציגע ערקלעהרונג פאר זיין גוואלדיגע ווירקונג, פאר זיין פאנטאסטי־שען, מען קען זאגען רעליגיעזען איינפלוס.

צוערשט זיין אפטימיזם. די וועלט געהט שטענדיג צו בע־סער און פריהער אדער שפּעטער וועט זיך פון דעם בלוטיגען פלאָנטער פון דער געשיכטע אויסוויקלען אן ארדנונג פון אמת'ער פרייהייט און גליק, א סאציאליסטישע ארדנונג. זאלען זיי, די קאפיטאליסטען, די בורזשויען, מיט אלע זייערע געלערענטע און פיהרער, טאפּען אין דער פינסטער. זאלען זיי זיך איינשפּארען מיט אלע כחות ניט צו דערלאזען קיין פארטשריט, קיין בעסערונג — זיי וועלען ניט אויספיהרען. די געשיכטע האָט איהר אָנגע־צייכענטען וועג, איהר געזעצמעסיגען פּלאן, און קיינער קען זי פון וועג ניט אראפּפיהרען.

און ווי דערשלאָגען און בערויבט און אָבגעלאזען די אר־בייטער זאלען ניט זיין, און ווי שלעכט און האָפנונגסלאָז אלץ ארום זאָל ניט אויסזעהן, און ווי אונבעגרענצט און ברוטאל דער „היינט" זאל ניט הערשען — די גערעכטיגקייט, און די פרייהייט מוז ארויס טריאומפירענד, און די וועלט מוז ווערען בעפרייט.

קיין רעליגיאן האָט נאָך אזוי פיעל ניט בעפליגעלט דער־שלאָגענע, הילפלאָזע מענשען, קיין לעהרע האָט נאָך אזוי פיעל ניט בעטהויט און בעפרישט די פער'חלש'טע נשמות פון די אר־בייטער־מאסען ווי אָט דער אָפּטימיזם פון דער מארקסיסטישער לעהרע.

„זייט געדולדיג און איהר וועט קריגען בעצאָהלט". קריכט אריין אין דעם טריאומף־וואגען פון דער געשיכטע, בינדט זיך אָן צו דער היסטאָרישער נויטיגקייט, — און איהר וועט זעהן ווי די נייע זון געהט אויף...

און ווי אזוי וועט די ערלייזונג קומען? ווי וועלען זיך די גאָלדענע טויערען עפענען?

דורך דעם קלאַסען־קאַמפף!

דאָס איז די טרייב־קראַפט פון די געשעהענישען, די איינ־געוויייד פון דער געשיכטע. דער קאַמפף פון דעם בערויבטען געגען רויבער, דעם שקלאַף געגען הערשער, דעם פויער געגען פריץ, דעם ארבייטער געגען באַלעבאָס, כאָטש פון דרויסען זייַ־גען זיי ברוטאַל און זינלאָז, און אויסוועגלאָז, זיינען זיי דאָך די אמת'ע ראַמפף פון דעם ריזיגען לאָקאָמאָטיוו פון לעבען.

און אַלע קרבנות פון דיעזען קאַמפף האָבען געמאַכט און מאַ־כען אַ וועג פאַר אַ נייער וועלט, און די פערגאַנגענהייט ווערט פאַרצלונג בעלויכטען מיט אַ געוואַלדיגען לייכטענדען פלאַם.

קלאַסען־קאַמפף! דער בונד פון די שוואַכע און דער זיעג פון די שוואַכע!

יעדעס מאָהל וואָס אַן ארבייטער געהט אַרויס אין אַ סטרייק, אדער פייערט דעם ערשטען מאַי, אדער לעזט אַ סאָציאַליסטיש בוך, אדער שטיצט אַ פרייהייטס־בעוועגונג וואו זי זאָל ניט זיין, יעדעס מאָל וואָס ער ענטוויקעלט אדער דריקט אויס זיין „קלאַ־סען־בעוואוסטזיין", ווערט צוגעגעבען נאָך אַ ציגעל, נאָך אַ שמיר פלאַסטער צו דעם טעמפעל פון דער צוקונפט, פון דער מענש־הייט'ס גליק.

איך, דער גאַרבער פון סמאַרגאָן, דער בערשטער פון וועל־קאָווישק, דער שניידער פון בזשעזין, דער וועבער פון לאָדז, דער מעכאַנישער שוסטער פון מינסק; איך, דער קויהלען־מינען־גרע־בער פון דאָנעצקי באַסיין, דער „זאַוואָדסקאַי" פון פעטערבורג, דער פליטען־ארבייטער פון דער וואָלגאַ, דער מויערער פון מאָסק־ווע — מיר זיינען ניט גלאַט אַזוי דערשלאָגענע מענשען, אָרימע מענשען, ווערים, איבער וועלכע יעדער איינער קען טרעטען מיט די פיס, נור מיר זיינען מיטגליעדער פון דעם ארבייטער־קלאַס, טיילען פון אַלוועלטליכען פראָלעטאַריאַט, סאָלדאַטען אין דער מענשהייט'ס בעפרייאונגס־אַרמעע!

„קלאַסען קאַמפף" און סאָציאַליזם זיינען דערום ניט אַ טהע־אָריע, גלאַט אַזוי אַ געדאַנק, נור אַ פליכט, אַ גאָטעס־דיענסט, אַ בעפעהל פון דער געשיכטע. אנדערע מעגען האַנדלען און האַ־וועז, וואַנדלען און שמייען, פיהרען געשעפטן און בויען זייער אייַ־גענעם שיקזאַל — מיר שטאַרקע אין אונזער אייניגקייט און קלאַ־

סען־סאָלידאריטעט, וועלען בויען פאר דער וועלט, פאר אלעמען, פאר די צוקונפט. און וואס מעהר און וואס גלויביגער אלץ בעסער.

די רעוואָלוציאָנערע קינדער וואס האָבען געסטרייקט געגען זייערע אייגענע טאטעס; די איינציגע בעל מלאכות וואס האָבען ערקלעהרט גענעראל־סטרייקס אין זייער פאך, די שטילע מאר־טירער וואס האָבען זיך אויף אייביג צוגריקט מיט זייער ארט לעבען אום צו קענען זיין גוטע, פרומע סאָציאליסטען — זיי זיינען אלע געוועזען בעוועגט פון דעם צויבער פון קארל־מארקס, פון דעם גאָלדענעם כשוף פון זיין קאָמפּפּסלוסט־גער, אפּטימיס־טישער לעהרע. דער סטרייק האָט פערנומען דעם פלאץ פון א תענית, די פערזאמלונג — דעם פלאץ פון דאוונען; דאָס סאָ־ציאליסטישע ביכעל — דעם פלאץ פון עין יעקב...

און כאָטש פינף און דרייסיג יאהר זיינען שוין פאריבער זינד דער גרויסער רונדער קאָפּ איז איינגעלעגט געווארען אין דער ערד, און כאָטש אלעס וואס איז פון מארקס'ען פערבליבען, איז שווערע אָבהאנדלונגען און נור איין בילד, קוקען דאָך זיינע אויגען נאָך אראב פון פיעלע טויזענדע ווענט און זיין פאָהן וועהט נאָך אלץ אויף די שלאכטפעלדער פון דער וועלט.

דריי יאהר נאכדעם ווי די לעצטע פונקען פון דער פראנצויזישער רעוואלוציאן זיינען פערלאשען געווארען אונטער דער כוואליע פון רעאקציאן וואס האט גאנץ אייראפא בערפלייצט, איז אין דער אלטער שטאדט טריער, אין דער רהיינישער פראווינץ פון פרייסען, געבוירען געווארען א קינד, וועמענס שיקזאל האט בעשטימט צו זיין דער גרעסטער און מעכטיגסטער גייסט אין דער נייער רעוואלוציאן, וואס איז מיט דרייסיג יאהר שפעטער אנגעצונדען געווארען אין אלע ציוויליזירטע לענדער אונטער דעם נאמען סאציאליזם. קארל מארקס איז געבוירען געווארען דעם 5טען מאי, 1818.

אויף דער וועלט איז קארל מארקס געקומען א איד. סאי פון דעם פאטער'ס צד, סאי פון דער מוטער'ס צד איז ער געקנאטען געווען פון רבנים. אין משך פון צוויי הונדערט יאהר אין די רבנות אין די ביידע פאמיליעס איבערגעגאנגען אהן אן אונטערברעכונג פון פאטער צו קינד. אבער דער גייסט פון פרייהייט און אפיקורסות וואס די פראנצויזישע פילאזאפען פון 18טען יאהר־הונדערט האבען איבער אייראפא פערשפרייט, האט אויך אריינגעדרונגען אין די רבנישע הייזער, און קארל מארקס פאטער איז פון איהם אנגעגריפען געווארען. אנשטאט גמרא האט ער געלערנט וואלטער און רוסא. ער האט פערביטען דעם קלויז אויף דעם אוניווערזיטעט, און אנשטאט א רב איז ער געווארען אן אדוואקאט. דאן איז ער א שריט ווייטער געגאנגען, און ער האט זיין אידישען פאמיליע נאמען, וועלכער איז געווען מרדכי, פער'גוי'אישט, איהם איבערגעמאכט אויף מארקס.

פון דער רעאקציאן וואס האט זיך צובושעוועט, ספעציעל אין פרייסען, נאכדעם ווי נאפאלעאן איז געפאלען, האבען, פערשטעהט זיך, די אידען אם מייסטענס געליטען. כל זמן די פראנצויזען האבען איבער די רהיינישע פראווינצען געהערשט איז עס מעגליך געווען פאר א אידען מיט א געלעהרטע פראפעסיאן צו פראקטיצירען. די פרייסישע הערשער האבען אבער פון די אידען דיעזע רעכט צוגענומען. העכסט ווארשיינליך איז דאס געווען די אורזאכע וואס האט געטריבען די מארקס פאמיליע צום שמד. קארל איז אלט געווען זעקס יאהר, ווען זיין פאטער האט זיך און זיין פרוי און קינדער איבערגעקעהרט צום קריסטענטהום.

א קינדהייט און יוגענד האָט קארל מארקס געהאַט גליקליכע. זיין קלוגער און געבילדעטער פאָטער האָט אין איהם זעהר פריה ע־טדעקט מערקווירדיגע פעהיגקייטען און איהם געמאכט פאר׳ן ליעבלינג אין הויז. אלע האָבען איהם ארומגערינגעלט מיט אויסער־געוועהנליכע ליעבע און צערטליכקייט. פון פאָטער איז ער בעהאַנ־דעלט געוואָרען ניט ווי א קינד, נאָר ווי א פריינד. זיי האָבען צוזאַמען געפיהרט ערנסטע געשפרעכען איבער פראגען פון פילאָ־זאָפיע, רעליגיאָן און געשיכטע; און געלעזען די ווערק פון וואָלטער און רוסאָ.

און וועהרענד דער פאָטער האָט אין איהם איינגעפלאַנצט א ליעבע צו דענקען, האָט א פריינד פון דער פאמיליע אין איהם ענט־וויקעלט א ליעבע צו פּאָעזיע און ראָמאַנטיק. באראָן פאָן וועסט־פאַלען, א פּרייסישער טשינאָווניק, האָט זיך אין טריער בעזעצט צוויי יאָהר איידער קארל איז געבוירען געוואָרען; און צווישען איהם און קארל׳ס פאָטער האָט זיך באלד ענטוויקעלט א שטארקע פריינדשאפט, וועלכע האָט צונויפגעבונדען דיביידע פאמיליעס אויף שטענדיג. דער באראָן האָט ליעב געהאַט דעם קליינעם קארל פונקט ווי זיין אייגען קינד און דאָס האָט אויף זיין ערציהונג א גרויסען איינפלוס געהאַט. אָט דיעזער באראָן האָט עס מיט איהם געלעזען די פּאָעטישע ווערק פון שעקספּיער, געטהע, דאַנטע און די ראָמאַנטישע ערצעהלונגען פון סערוואַנטעס, וועלכע דער קליינער קארל האָט געליעבט פונקט אזוי פיעל ווי די פילאָזאָפישע ווערק וואָס זיין פאָטער האָט מיט איהם געלעזען.

די פרויען און די קינדער פון דיביידע הייזער האָט דער יונגער קארל געוואונען מיט זיין שעהנעם פּנים און זיין לעבענס־לוסטיגקייט. אלעס האָט ער געקענט, אלעס האָט ער געוואוסט, און דארום האָבען זיי איהם אויך בעוואונדערט. שוין דעמאָלט האָט ער געוואונען דאָס הארץ פון דער קליינער דזשעני וועסטפאלען, דעם באראָן׳ס טאָכטער, וועלכע איז שפּעטער זיין פרוי געוואָרען.

אין שול האָבען די חברים זיינע אי איהם געליעבט אי פאר איהם מורא געהאַט. זיי האָבען איהם געליעבט פאר זיין שטיפען, פאר זיין לוסטיגקייט, פאר זיין חבר׳שאפט; און האָבען מורא גע־האַט פאר די שטוקעס וואָס עס פלעגט זיי אָבטהאָן און די סאטי־רישע ליעדלעך וואָס ער פלעגט וועגען זיי שרייבען. ביי די לעהרער

איז ער געווען ווי אַן אויג אין קאָפּ, פאַר זיין התמדה אין לערנען און זיינע אויסערגעוועהנליכע פעהיגקייטען.

צו 16 יאָהר האָט ער געענדיגט דאָס גימנאַזיום אין טריער און איז אַריינגעטראָטען אין אוניווערזיטעט אין באָנן. זיין פאָטער האָט געוואָלט ער זאָל שטודירען יוריספּרודענץ און ווערען אַ גרויסער אַד־וואָקאַט. איהם האָט זיך אָבער געוואָלט ווערען אַ פילאָזאָף און אַ פּאָעט; אָבער איבערטרעטען זיין פאָטער'ס וואונש האָט ער גע־האַלטען פאַר אונמעגליך. ער האָט גענומען קורסען אין יוריספּרו־דענץ, און אַזוי ווי דאָס האַרץ זיינס איז דערביי ניט געווען, איז איהם דער לימוד אין קאָפּ ניט געקראָכען. דערצו האָט ער זיך איינ־געפּלאָנטערט אין חובות און געמוזט בעטען ביי זיין פאָטער ער זאָל איהם אַרויסהעלפען. אַזוי איז דער יאָהר פּראָאיבער, אַ יאָהר פון ביטערע ענטוישונג פאַר איהם און זיין פאָטער. ער האָט פערלאָזען דעם אוניווערזיטעט. איז אַהיים געקומען און געקראָגען פון פאָטער ערלויבעניס צו פאָהרען שטודירען אין בערלין.

און דאָ פאַנגען זיך אָן פאַר מאַרקס פינף לאַנגע יאָהרען פון גייסטיגען „שטורם און דראַנג". יאָהרען פון ראָמאַנטישע בענקע־ניש, נשמה־זוכעניש, די יאָהרען, ווען אין האַרץ און אין מח פון דעם יונגען מאַן איז אַלעס אונבעשטימט, אונזיכער, ווען ער טאַפּט אין דער פינסטער און קען קיין פעסטען באָדען אונטער די פיס ניט געפינען.

פאַר'ן אוועקפאָהרען קיין בערלין האָט זיך דער 18־יאָהריגער מאַרקס אין ליעבע ערקלערט צו דער 22־יאָהריגער דזשעני וועסט־פאַלען. אַ שווערען קאַמפּף האָט ער מיט זיך געמוזט דורכמאַכען איידער ער האָט דעם שריט געוואַגט צו נעהמען, ווייל אַ טיעפער אָבגרונד האָט איהם אָבגעטהיילט פון באַראָן'ס טאָכטער. זי איז געווען פון הויכען אַדעל, אַ רייכע, די שעהנסטע מיידעל אין שטאָדט; און ער איז געווען אַ געבוירענער איד, דער זוהן פון אַן אָרימען אַד־וואָקאַט. אַלס קאָנקורענטען פאַר דער פרייליינס האַנד האָט ער גע־האָט די זיהן פון די רייכסטע אַדעל־לייט אין דער פּראָווינץ. איז דאָס מעגליך געווען אַז ער וועט געגען זיי געווינען?

ער האָט אָבער געוואַגט און געוואונען. אין געהיים האָבען זיי איינער דעם אַנדערען זייער טריי־וואָרט געגעבען און מיט דעם גליק־

ליכען סור איינגעשלאָסען טיעף אין זיין הארצען איז ער נאָך בערלין אוועק זיין שטודיום פאָרטזעצען.

א לאַנגער אינערליכער קאַמפף זיינען די אוניווערזיטעט־יאָהרען פאַר איהם געווען. אויף זיין פאָטער'ס פערלאַנג האָט ער ווידער גענומען קורסען אין יוריספּרודענץ, צו וועלכע ער האָט קיין שום נייגונג געהאַט. ער האָט, פערשטעהט זיך, דיעזע קורסען פערנאַכלעסיגט, און האָט זיך גאָר אָבגעגעבען מיט פילאָזאָפיע און געשיכטע. ער האָט אויך פאַר זיך געלערנט שפּראַכען און געלעזען ליטעראַטור. וואָס זיין לעבענס־ארבייט זאָל זיין האָט ער נאָך דע־מאָלט אליין ניט געקענט בעשטימען. ער האָט א שטיקעל צייט גע־חלום'ט וועגען ווערען א פּאָעט און האָט ווירקליך פערפאַסט גאַנצע בענדער מיט גראַמען. ער האָט אויך געפּלאַנט צו ווערען א דראַ־מאַטורג און ראָמאַנען־שרייבער, און האָט שוין אין קאָפּ געבויט פּלענער פאַר דיעזע ווערק. ווערטה איז צו בעמערקען, דאָס פון זיין יוגענד אָן האָט מאַרקס געהאַט א מערקווירדיגען געפיהל צו פּאָעזיע און שעהנע ליטעראַטור אין אַלגעמיין. די ליטעראַטען פון זיין קרייז, צווישען וועלכע עס האָבען זיך געפונען אזוינע זשעניען ווי היינריך היינע, האָבען איהם און זיין פרוי געהאַלטען פאַר גרויסע מבינים אויף ליטעראַטור. עס איז געווען א צייט, ווען היינע האָט קיין זאַך ניט געדרוקט סיידען ער האָט פריהער געוויזען צו הערר און פרוי קאַרל מאַרקס און געקראָגען זייער צושטימונג, אז די זאַך איז גוט. פּיעלע פערלען פון היינע'ס ווערק האָבען מיר מאַרקס'עס קריטיק צו פערדאַנקען.

גלייך ווי ער האָט זיין שטודירען געענדיגט איז ער אריינגע־צויגען געוואָרען אין רעוואָלוציאָנערען קאַמפּף. דאָס איז געווען אין יאָהר 1841, ווען אין גאַנץ אייראָפּא האָבען שוין גענומען וועהען די קליינע פרייהייטס ווינטלעך, פון וועלכע עס האָט זיך ענטוויי־קעלט דער רעוואָלוציאָנערער שטורם פון 1848. אין דער רהיינישער פּראָווינץ איז דאַן ערשיענען א פּראָגרעסיווע צייטונג, ארויסגעגעבען פון בורזשואזע ראַדיקאַלען. קיין בעשטימטען פּראָגראַם האָט די צייטונג ניט געהאַט. אָבער ארום איהר האָבען זיך גרופּירט אַלע פרייהייטס־ליעבענדע גייסטער, צווישען וועלכע עס האָבען זיך געפונען מאַקס שטירנער, מאָזעס העסס, ברונא באַוער. אין דיעזער צייטונג איז עס מאַרקס אריינגעטראָטען אלס מיטארבייטער. כאָטש

ער איז געווען דער אינגסטער צווישען די אַלע שרייבער, האָט ער זיך באַלד אויסגעצייכענט אַלס דער פעהיגסטער. מיט בייסענדער סאַטירע און אייזערנע לאָגיק האָט ער אָנגעפאַנגען צו ואַטאַקירען פריהער די צענזור און דערנאָך די אַנדערע פינסטערע געזעצע פון דער פּרייסישער רעגיערונג. אין עטליכע מאָנאַטען אַרום איז ער געוואָרען רעדאַקטאָר פון דער צייטונג און דאַן האָט ער דער רעגיערונג געגעבען נאָך שטאַרקערע קלעפּ. די צענזור האָט געוואָרענט די אַרויסגעבער איין מאָל און אַ צווייטען מאָל, און ווען זיי האָבען ענדליך איינגעוויליגט מאַרקס'ען צו ענטזאַגען, איז שוין געווען צו שפּעט. די צייטונג איז אָבגעשטעלט געוואָרען, נאָכדעם ווי מאַרקס האָט איהר רעדאַגירט זעקס מאָנאַטען.

אין 1843 האָט מאַרקס געהייראַטה מיט זיין געליעבטע דזשעני, און נאָך אַ קורצע האָכצייטס־רייזע איז די יונגע פּאָאַר'ל אַוועק־געפאָהרען אין פּאַריז און האָט זיך דאָרט בעזעצט. אין פּאַריז האָט ער בעקאַנטשאַפט געשלאָסען מיט היינע, פּרודאָן, באַקונין און קאַבעט, און איז באַלד געוואָרען מיט זיי אַלעמען אינטים, איבער־הויפּט מיט היינע'ן און פּרודאָן'ען. גאַנצע נעכט פלעגען זיי פער־ברענגען אין דיסקוסיאָנען און דעבאַטען. היינע פלעגט זיין הויז בעזוכען יעדען טאָג.

אין אַ יאָהר אַרום איז אין פּאַריז אָנגעקומען פריעדריך ענגעלס, וועמענס נאָמען מאַרקס האָט שוין פריהער געקענט. און דאַן איז דאָס צווישען די צווי יונגע לייט געשלאָסען געוואָרען דער בונד פון פריינדשאַפט און פון נייסטינער אחדות, וועלכען בלויז דער טויט האָט געקענט פאַנאַנדעררייסען, אַ פריינדשאַפט, וועלכע קען פער־גליכען ווערען צו דער ביבלישער לעגענדע וועגען אהבת דוד און יהונתן.

אין דיעזער צייט האָט מאַרקס אָנגעשריעבען זיין אָבהאַנדלונג איבער דער אידען־פראַגע, אין וועלכער ער האָט געזוכט צו בעווייזען, אַז די אידען־פראַגע אין הויפּטזעכליך אַן עקאָנאָמישע פראַגע. אין 1844 איז אין פּאַריז געגרינדעט געוואָרען אַ דייטשע צייטונג „פאָר־ווערטס", אַרום וועלכער עס האָבען זיך גרופּירט אַלע יונגע רע־וואָלוציאָנערען, מאַרקס אויך צווישען זיי. אַלס זיין ספּעציאַליטעט האָט מאַרקס געמאַכט צו אַטאַקירען די פּרייסישע רעגיערונג. עס פערשטעהט זיך, אַז די פּרייסישע רעגיערונג האָט ניט געשוויגען.

און איהר איז שווער ניט אָנגעקומען צו ווירקען אויף דער פראַנצוי־זישער רעגיערונג, וועלכע איז אויך דעמאָלט געווען היבש רע־אַקציאָנער, זי זאָל די צייטונג צומאַכען און דעם רעדאַקציאָנס־מיט־אַרבייטער פון לאַנד אַרויסטרייבען. דאָס איז געשעהן אין 1845; מאַרקס איז מיט זיין פרוי און קינד ווידער אין גלות אַוועק. דיעזען מאָל האָט ער זיך איבערגעפּעקעלט אין בריסעל.

די דריי יאָהר וואָס ער האָט אין דיזער שטאָדט פערבראַכט זיינען אין אַ געוויסען הינזיכט געווען די וויכטיגסטע אין זיין לע־בען. אין דיעזער צייט האָט זיך ביי איהם אין מח אויסגעאַרבייט דער פונדאַמענט פון זיין וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזמוס, די גרונד־געדאַנקען וועגען קלאַסען־קאַמפּף, די מאַטעריעלע אויפפאַ־סונג פון דער געשיכטע און די איבערבויאונג פון דער געזעלשאַפט פון אַ קאַפּיטאַליסטישע אויף אַ סאָציאַליסטישע אָרדנונג. אין דיעזע יאָהרען איז ער פון אַ ראַדיקאַל און דעמאָקראַט געוואָרען אַ רעוואָ־לוציאָנער און סאָציאַליסט. ער האָט שוין אָנגעפאַנגען זיין טהעטיג־קייט פון אָרגאַניזירען אַרבייטער און פון לערנען און פיהרען זיי אויפ'ן וועג פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן. אין בריסעל איז דאַן געווען אַ היבשע קאָלאָניע פון דייטשע אַרבייטער, און צווישען זיי איז דאָס מאַרקס געוואָרען דער הערשענדער גייסט.

צוויי וויכטיגע ווערק האָט קאַרל מאַרקס אין דיעזער עפּאָכע אויפגעשריעבען, און איןביידע האָט ער ענטוויקעלט די גרונד־לאַגען פון סאָציאַליזמוס. די ערשטע איז געווען אַ פּאָלעמישע, אַן ענטפער אויף פּרודאָן'ס אַנאַרכיסטישע ווערק. „די פילאָזאָפיע פון אָרימקייט". איידער דער בוך איז נאָך ערשיענען האָט פּרודאָן מאַרקס'ן וועגען איהם געשריעבען און וויציג בעמערקט, „איך וואַרט אויף דיין קרישיטע רוט". פון דעם וויץ האָט זיך אויסגעלאָזען אַ שרעקליכער אמת. ניט מיט אַ רוט האָט איהם מאַרקס געשמיסען, נאָר מיט אַ כפול שמונה'דיגען קאַנטשיק. „די אָרימקייט פון פי־לאָזאָפיע" האָט מאַרקס זיין ענטפער גערופען. אויסער אייזערנע אַרגומענטען און שטאָהלענע לאָגיק ענטהאַלט דער בוך אַ שניידענדע סאַטירע. (פּרודאָן האָט דיעזע קריטיק איהם קיינמאָל ניט מוחל געווען. פון פריינד זיינען זיי געוואָרען געגנער און שונאים).

דעם צווייטען וויכטיגען ווערק האָט מאַרקס געשאַפען דעם לעצ־טען יאָהר פון זיין וואָהגען אין בריסעל, אין 1847. דאָס איז זיין

בעריהמטער „קאָמוניסטישער מאַניפעסט", אין וועלכען ענגעלס איז איהם טהיילווייז בעהילפיג געוועז. געשריבען האָט ער דעם מאַני־פעסט אַלס אַ פּרינציפּען־ערקלערונג פון אַ מין אינטערנאַציאָנאַלען ארבייטער־קאָנגרעס וואָס איז אָבגעהאַלטען געוואָרען אין לאָנדאָן. מאַרקס אַליין האָט איהם פאַר'ן קאָנגרעס פאָרגעלעזען אין דייטש. דאָס איז געוועזען אין מאָנאַט נאָוועמבער. צום דרוק האָט מען איהם איבערגעגעבען אין אָנפאַנג פון נעקסטען יאָהר, און אינטערעסאַנט איז, אַז די ערשטע קאָפּיעס פון דיעזען קאָמפּפּס־רוף פון מאָדערנעם סאָציאַליזמוס זיינען פון דרוק אַרויס דעם 24טען פעברואַר, 1848, דעם זעלבען טאָג ווען די נייע כוואַליע פון רעוואָלוציאָן האָט זיך אויפגעהויבען אין פּאַריז.

אין דעם זעלבען מאָנאַט האָט די פּריוסישע רעגיערונג געווירקט אויף דער בעלגישער רעגיערונג זי זאָל מאַרקס'ען פון איהר לאַנד אַרויסטרייבען. די אַלטע פראַנצויזישע רעגיערונג, וועלכע האָט איהם מיט דריי יאָהר צוריק פון פּאַריז אַרויסגעשיקט, איז שוין אָבער איצטער געשטירצט געוואָרען און מאַרקס איז פון די רעוואָלוציאָ־נערען איינגעלאַדען געוואָרען צוריקצוקומען.

מאַרקס איז נאָך קיין פולע דרייסיג יאָהר ניט אַלט געוועזען, ווען דער קאָמוניסטישער מאַניפעסט האָט איהם געמאַכט פאַר'ן גייסטי־גען און פּראַקטישען פיהרער פון דער נייער סאָציאַליסטישער בעווע־גונג, אַ בעוועגונג וויסענשאַפטליך בעגרינדעט אין דער טהעאָריע און לאָגיש אויסגעהאַלטען אין דער פּראַקטיק. אַלס אַזוינער איז ער איצטער אָנגעקומען אין דעם שטורם־צענטער פון דער רעוואָלוציאָן וואָס האָט זיך גענומען פערשפּרייטען מיט אַ מערקווירדיגע שנעל־קייט איבער גאַנץ אייראָפּאַ. דאָרטען האָט מען איהם מיט פרייד בעגריסט. ער האָט זיך באַלד אָבער אַריינגעדרעהט אין אַ ביטערען קריעג מיט אַ גרופּע דייטשע רעוואָלוציאָנערען, וועלכע האָבען גע־פּלאַנעוועט צו פיהרען אַ רעוואָלוציאָנערע אַרמעע פון פראַנקרייך אומצושטירצען די פּריוסישע מאָנאַרכיע. מאַרקס האָט דיעזען פּלאַן בעטראַכט אַלס ווילד אונפּראַקטיש און איהם מיט אַלע כחות בעקעמפּפט. ניט ער און ניט זיינע געגנער האָבען זיך איינע די אַנדערע געשאַנעוועט. אויסגעפיהרט האָט ער אָבער.

די רעוואָלוציאָנערע כוואַליע האָט איהם באַלד אַריינגעשליי־דערט אין פּרייסען, וואו די רעגיערונג האָט איהם בעטראַכט פאַר

דער גרעסטער געפאהר. דאָרטען האָט ער ווידער אָנגעפאנגען צו רעדאקטירען די „נייע רהיינישע צייטונג", וועלכע האָט געהאט דעם זעלבען כאראקטער וואָס די אַלטע רהיינישע צייטונג וואָס ער האָט רעדאקטירט מיט זעקס יאָהר פריהער. ער האָט זיך אויך בעטהייליגט אין רעוואָלוציאָנערע פערזאמלונגען, קאָנגרעסען, און געשריעבען און גערעדט וועגען דער פרייסישער טיראניי. כל זמן די רעוואָ־לוציאָנערע כוואַליע איז געשטאנען הויך אין פראנקרייך און האָט אָבגעהילכט שטארק אין פרייסען, האָט די רעגיערונג מארקס'ען ניט געטשעפעט. אָבער ווען זי האָט גענומען פאלען אין אָנפאנג פון 1849, האָט די רעגיערונג איהר מוטה צוריקגעקראָגען. ניט נור איז די צייטונג אונטערדריקט געוואָרען, נאָר מארקס און זיינע העלפערס זיינען ארעסטירט געוואָרען אויף דער שווערער קלאגע פון פערראַטה, פון העצען דאָס פאָלק געגען קעניג.

מארקס האָט זיין פערטהיידיגונג אליין געפיהרט. זיין רעדע פאר די ריכטער איז געווען א מייסטערווערק פון רעוואָלוציאָנערען העלדענמוטה, שארפע לאָגיק און טיעפע געזעץ־וויסענשאַפט. דאָס געריכט האָט איהם פריינעשפראָכען. אָבער קורץ נאָכדעם האָט די רעגיערונג איהם אָהן דין ומשפט בעפוילען דאָס לאנד צו פער־לאָזען.

ער איז צוריק אוועק אין פאריז, איבערלאָזענדיג זיין פרוי און דריי קליינע קינדער אין דייטשלאנד. ער האָט זיי אריבערגענומען צו זיך אין א קורצע צייט שפעטער. אזוי שנעל ווי ער האָט פאר זיי א שטיקעל הויז איינגעאָרדענט. דערווייל איז די רעוואָלוציאָן אין פראנקרייך אויך צוזאמענגעבראָכען; און די רעגיערונג פון נאפאָלעאָן דעם דריטען האָט בעפוילען מארקס'ען ער זאָל אין 24 שטונדען דאָס לאנד פערלאָזען. אויפ'ן קאָנטינענט איז פאר איהם מעהר קיין אָרט ניט געווען. אָן ארימער א פערפאָלגטער, אָן ענט־טוישטער איז ער מיט זיין פרוי, וועלכע האָ אין א מאָנאט ארום געדארפט ווערען מוטער צום פערטען מאָל, און מיט זיינע דריי קליינע קינדער גענומען א שיף קיין ענגלאנד — די איינציגע לאנד אין איירָאפּא, וואו רעוואָלוציאָנערען האָבען דאן געקענט א קאָפּ אויפהויבען. און איז מיטען זומער פון יאָהר 1849 איז ער אָנגע־קומען אין לאָנדאָן.

א טרויעריגע, שווערע צוקונפט האָט דער מארקס פאמיליע

ערוואַרטעט אין דיעזער גרעסטער רייכסטער וועלט־שטאָדט. אָנ־געקומען אהין איז זי אָרים און עלענד. און וואָס ווייטער איז די אָרימקייט געוואָרען שרעקליכער. און באַלד האָבען זיך אונטערגע־רוקט די געוועהנליכע בעגלייטער פון הונגער און נויטה, קראַנק־הייט און טויט. עס האָט אויסגעוויזען, אַז דער שיקזאַל האָט אַ בונד געשלאָסען מיט מאַרקס'עס טויטליכע שונאים, די געקרוינטע קעפּ און אָנגעלאָדענע געלד־זעק פון אייראָפּא איהם צו פערניכטען.

פריהער האָט זיך די פאַמיליע בעזעצט אין אַ ניש־קשה'דיגע וואָהנונג. אין אַ מעבלירטען צימער, פאַר וועלכען ער האָט געצאָהט זיעבען און אַ האַלב דאָלאַר אַ וואָך. אָבער מעהר ווי עטליכע מאָנאַ־טען האָט ער דאָרט ניט געקענט וואָהנען. אָנגעקומען איז ער אין לאָנדאָן מיט דריי קליינע קינדער און אין קורצען איז צוגעקומען אַ פערטע. פאַרדיענען האָט ער פערדיענט זעהר ווייניג. פאַר רייכע צייטונגען שרייבען האָט ער ניט געקענט, ווייל זיינע געדאַנקען און מיינונגען זיינען ניט געווען קיין סחורה פאַר זיי. די ראַדיקאַלע און ארבייטער־צייטונגען האָבען דעמאָלט זעהר ווייניג געקענט צאָהלען. ער האָט געהאַלטען לעקציעס און קורסען אין פּאָליטיישע עקאָנאָמיע, אָבער אַזוי ווי דאָס האָט ער געטהאָן פאַר ארבייטער־אָרגאַניזאַציאַ־נען, האָט ער זיך ענטזאָגט געלד צו נעהמען.

פון זיין וואָהנונג האָט מען איהם אַרויסגעשטעלט און ער האָט זיך איבערגעקליעבען אין צוויי צימערען אין איינס פון די אָרימסטע קוואַרטאַלען פון לאָנדאָן. גאַנץ אָפט איז אין הויז קיין ברויט ניט געווען און מאַרקס פלעגט דעם טאָג אָבפאַסטען. דער־צעהלען פאַר פריינד דעם שרעקליכען אמת, אויף דעם איז ער גע־ווען צו שטאָלץ. די פרוי זיינע פלעגט אין אַזוינע קריטיישע צייטען זיך ווענדען צו אימיצען אין געהיים און פלעגט קריעגען געבאָרגט אביסעל געלד. די ערשטע צייט, כל זמן זי האָט נאָך געהאַט די ביסעל ציערונג און דרשה־געשאַנק, וואָס איהרע רייכע עלטערען האָבען איהר צו דער חתונה געגעבען, פלעגט מען דאָס פערקויפען אָדער פערזעצען. ווען דיעזע קוועלע האָט זיך אויסגעשעפּט איז קיין אַנ־דער ברירה ניט געבליעבען ווי צו באָרגען און לייהען. מאַרקס אַליין פלעגט אָבער אפילו פאַר הלואות צו פריינד ניט געהן. איהם איז עס ניט אָנגעשטאַנען. ער פלעגט בעסער באָרגען אויף פּראָצענט, און

משכנות האָט ער ניט געהאַט, פלעגט ער מוזען צאָהלען וויפיעל מען האָט פון איהם געפאָדערט, 20, 30 און אמאָל 50 פראָצענט אויך.

דריי קינדער זיינען איהם געבאָרען געוואָרען אין דיעזע הונגער־יאָהרען און צוויי פון זיי זיינען געשטאָרבען עופּה'לעך. ער האָט זאָגאַר ניט פערמאָגט פאַר זיי אַ וויעגעלע צו קויפען. דער מלאך המות האָט זיך מיט דער געלעגענהייט בענוצט און דאַן אוועקגערויבט איינעם פון די עלטערע קינדער, אַ אינגעל פון ניין יאָהר, אַ מערק־ווירדיג גראָטען קינד, אויף וועמען די עלטערען האָבען זייער גאַנצע האָפנונג געלעגט, אַז ער וועט זיין זייער נחת און טרייסט אין די שפּעטערע יאָהרען.

אָט זיינען איניגע אויסציגע פון אַ בריעף וואָס פרוי מאַרקס האָט געשריעבען צו איהרען אַ פריינד אין דייטשלאַנד, אַ יאָהר נאָכ־דעם ווי זי האָט זיך אַזוי אָבגעמוטשעט אין לאָנדאָן.

„איך וועל דיר בעשרייבען איין טאָג פון מיין איצטיגען לעבען און דו וועסט זעהן, אַז זעהר ווייניג פון די חברים אונזערע ליידען ווי מיר. אַן אָם דינגען פאַר מיין קינד איז מיר אונמעגליך געווען, האָב איך איהר געמוזט אַליין זויגען, טראָץ די שרעקליכע וועהטאָגען אין מיין ברוסט און רוקען. די אָרימע עופּה'לע האָט איינגעזאָפּט פון מיר אַזוי פיעל ליידען, אַז ער איז קראַנק געווען פון ערשטען טאָג אָן וואָס ער איז אויף דער וועלט געקומען. ער האָט געליטען שמער־צען טאָג און נאַכט. מעהר ווי צוויי־דריי שטונדען אַ נאַכט שלאָפט ער קיינמאָל ניט. מיין ברוסט איז געוואָרען אַזוי אָנגעוועהטאָגט, אַז ער פלעגט אָפּט פון מיר ציהען ניט מילך נאָר בלוט.

„איין טאָג בין איך אַזוי געזעסען מיט מיין קינד אין מיינע אָרימס, אונערוואַרטעט איז אריין די הויז־ווירטין און געגומען פאָ־דערען דירה־געלד. אַזוי ווי איך האָב קיין געלד ניט געהאַט. האָט זי אריינגערופען צוויי פּאָליציסטען און זיי האָבען פערזיעגעלט אַלעס וואָס אין שטוב איז געווען: די בעטען, די בעט־געוואַנד, די קליידער און זאָגאַר די שפּיעלצייג פון די קינדער. איך בין געלעגען אויף דער הוילער פּאָדלאָגע מיט מיינע פערפראָרענע קינדער.

„אויף מאָרגען האָבען מיר געמוזט ארויסציהען. מיין מאַן איז ארומגעלאָפען זוכען אַ וואָהנונג. אָבער קיינער האָט אונז ניט גע־וואָלט אריינגעהמען מיט פיער קינדער. פריינד זיינען אונז צו הילף געקומען. איך האָב פערקויפט מיין בעט־געוואַנד צו בעצאָהלען דעם

אפּטייקער, דעם בעקער, דעם קצב און דעם מילך־מאַן. זיי האָבען זיך אַלע דערשראָקען און געקומען צו לויפען פאָדערן וואָס מיר האָבען זיי געקומט. נאָכדעם ווי מיר האָבען כמעט אַלעס פערקויפט, איז אונז געבליבען אַלעמען צו בעצאָהלען ביז צ סענט. מיר האָבען זיך אריינגעקליבען אין צוויי קליינע צימערען״.

מאַרקס איז בעריט געווען אַלעס צו טהאָן, אבי זיין פאַמיליע צו ערנעהרען. ער האָט געוואָלט אָנפאַנגען האַנדלען, אָבער די פרוי האָט איהם ניט געלאָזען. ער האָט געוואָלט אָננעהמען א שטעלע אַלס שרייבער ביי אַן אייזענבאַהן קאָמפּאַניע, איז אָבער זיין האַנדשריפט געווען א שלעכטע, האָט מען איהם ניט געוואָלט אָננעהמען. אין יענער צייט האָט מען איהם שיעור ניט ארעסטירט אַלס גנב. ער האָט געבראַכט צו א מלוה אַלטע זילבער וואָס זיין פרוי האָט גע־קראָגען צו דער חתונה פון איהר פאָטער. אַזוי ווי אויף די לעפעל איז געווען אויסגעקריצט דעם עמבלעם פון די אריסטאָקראַטישע פאַ־מיליע, האָט דער מלוה חושד געווען, אַז מאַרקס האָט זיי ערגעץ צוגע־גנב׳עט און ער האָט שטילערהייט גערופען א פּאָליציסט. ניט גרינג איז דעם אָרימען מאַרקס׳ען אָנגעקומען ביז וואַנען ער האָט דעם געזעץ־היטער איבערצייגט, אַז די זילבער איז זיינע.

הארצרייסענד איז די פאָלגענדע בילד אין פרוי מאַרקס׳עס טאַגעבוך, אין וועלכען זי שילדערט דעם טויט פון איהר צווייטען קינד אין 1852:

„אונזער קליינע פראַנציסקא איז געשטאָרבען פון בראָנכיטיס. דריי טעג האָט זיך דאָס אָרימע קינד געראַנגעלט מיט׳ן טויט, אַך ווי עס האָט געליטען! זיין קליינער טויטער קערפּער איז געלעגען אין דעם הינטער־צימער; מיר אַלע זיינען געזעסען אין פאָדער־צימער. ביינאַכט האָבען מיר זיך צוגעלעגט אויפ׳ן פאָדלאָגע און מיר האָבען געוויינט איבער דעם קליינעם מלאך אין צווייטען צימער. דער טויט פון דעם ליעבען קינד איז געקומען גראַדע דאַן, ווען מיר זיינען געווען אין די לעצטע שטופען פון אָרימקייט.

„איך בין אוועק צו א פראַנצויזישען רעוואָלוציאָנער וואָס האָט געוואָהנט לעבען אונז, און וועלכער פלעגט אונז צייטענווייז בעזוכען, איך האָב איהם אַלעס דערצעהלט. מיט די פריינדליכסטע גוט־הער־ציגקייט האָט ער מיר גלייך געגעבען צוויי פונט. מיט די געלד האָב איך בעצאָהלט פאַר א טרונע, אין וועלכע דאָס אָרימע קינד שלאָפט

איצטער אין פריעדען. קיין וויעגעלע האָב איך פאַר איהם ניט גע־
האַט, ווען עס האָט געלעבט. אך, ווי מיר האָבען געליטען, ווען מען
האָט איהם פון הויז ארויסגעטראָגען".

און אין דיעזע שווערע צייטען האָט מאַרקס אויפגעשריעבען
מאַנכע פון זיינע בעריהמטע ווערק, און האָט אָנגעפאַנגען צו קלייבען
מאַטעריאַל פאַר זיין מייסטערווערק, „דאָס קאַפּיטאַל". ער פלעגט
זיצען גאַנצע נעכט אין ביבליאָטהעקען און פלעגט ביינאַכט שרייבען
אין דער היים, ענדליך האָט ער בעקומען אַ בעשעפטיגונג. ער איז
געוואָרען דער לאָנדאָנער קאָרעספּאָנדענט פון דער ניו יאָרקער גרוי־
סער צייטונג „טריביון", וועלכע איז דעמאָלט רעדאַקטירט געוואָרען
פון דעם ראַדיקאַל, האָרעס גרילי. פאַר אַ לאַנגען אַרטיקעל, וואָס ער
פלעגט יעדע וואָך צושיקען, פלעגט ער קריעגען פינף דאָלאַר אַ וואָך.
אויף דעם האָט ער עטליכע יאָהר געלעבט. ווען דער בירגער־קריעג
האָט אויסגעבראָכען אין אַמעריקא, איז 1860, איז דיעזער קליינער
איינקונפט זיינער אויך אָבגעשניטען געוואָרען, און די וואָלקענס פון
הונגער האָבען זיך וויעדער פערצויגען אויף דער מאַרקס פאַמיליע.

אויב דיעזע היימישע צרות זיינען נאָך פאַר מאַרקס'ען ווייניג
געווען, האָבען איהם ניט געפעהלט אַלערליי יסורים אין דער בעווע־
גונג. די רעאַקציאָן האָט חוצפה'דיג געבושעוועט אין אייראָפּאַ. נאָכ־
דעם ווי די רעוואָלוציאָנען פון 1848 זיינען דערשטיקט געוואָרען,
האָט אַריינגעבראַכט מחלוקות אין די רייהען פון די סאָציאַליסטען
און ראַדיקאַלען. איבעראַל האָבען זיך גענומען בעווייזען טעראָרים־
טישע בעוועגונגען, וועלכע מאַרקס האָט בעקעמפּפט. עס פערשטעהט
זיך, אַז ער איז דערפאַר פערדאַמט געוואָרען אַלס אַ פייגלינג און
פעררעטהער; און זיינע שונאים האָבען זיך ניט אָבגעשטעלט פון מאַ־
כען די שענדליכסטע בלבולים אויף איהם. און וועהרענד ער האָט גע־
קעמפּפט מיט הונגער און נויט, האָבען זיינע פערלוימדער פער־
שפּרייט מעשיות, אַז ער לעבט פון דער בעוועגונג, אַז ער באָדט זיך
אין לוקסוס, געשאַפּען פון די בלוט פון די אַרבייטער.

טראָץ די אַלע זאַכען איז מאַרקס' איינפלוס און נאָמען אין
דער אַרבייטער בעוועגונג געוואַקסען פון יאָהר צו יאָהר. די בעווע־
גונג אין ענגלאַנד איז שוין דאַן געווען קאָנסערוואַטיוו, אבער אויך
זי האָט ניט געקאָנט ביישטעהן מאַרקס'עס רעוואָלוציאָנערען גייסט.
ער האָט געווירקט אויף איהר, צו נעהמען אַ שטעלונג פאַר יעדע

פראָגרעסיווע און ראַדיקאַלע פּאַסירונג אין פרעמדע לענדער. דורך זיין מיה האָבען די ענגלישע ארבייטער אויפגעהויבען אַ מעכטיגע בעוועגונג פון סימפּאַטיע פאַר'ן פּוילישען אויפשטאַנד אין 1863, דורך זיין מיה, זיינען די ענגלישע אַרבייטער ארויסגעטראָטען געגען די פּאָליטיקער פון די בורזשואזע פּאַרטייען, וועלכע האָבען געוואָלט שטיצען די שקלאַפען־הענדלער פון די זיד געגען דער נאָרד, אין דעם קריעג אין אַמעריקאַ.

אין 1862 האָט מאַרקס געענדיגט דעם ערשטען באַנד פון דאָס אייביגע ווערק „דאָס קאַפּיטאַל". די ביבעל פון דעם אַרבייטער־קלאַס. ער האָט געהאָפט, אַז איהם וועט געלינגען מיט'ן מאַנוס־קריפּט באַלד אָבצופאָהרען קיין דייטשלאַנד און קריעגען אַ פערלע־גער. איידער דיעזע האָפנונג איז מקוים געוואָרען זיינען פערלאָפען נאָך פינף יאָהר. זיינע אומשטענדען זיינען געווען אַזוינע, אַז ער האָט זיך ניט געקענט פערגינען אַ רייזע, ווען זאָגאַר דער צוועק איז געווען אַזוי וויכטיג.

די אַלע צרות און די שווערע ארבייט האָבען געווירקט אויף זיין געזונד און כמעט דעם גאַנצען יאָהר פון 1864 איז ער געווען קראַנק. דאָקטוירים האָבען איהם פערבאָטען צו אַרבייטען ביינאַכט און צו רויכערען. אָבער די ביידע בעפעהלען איז איהם אונמעגליך געווען צו פאָלגען. יאָהרען לאַנג האָט ער זיך איינגעוואוינט צו טהאָן די וויכטיגסטע אַרבייט פון שרייבען נאָך האַלבע נאַכט ווען אַלע פּלע־גען זיך צולעגען שלאָפען. זיין הויז איז געווען דער מיטינג־פּלאַץ פון אַלע רעוואָלוציאָנער־ען. און איהם איז ביי־טאָג און אין אבענד אוממעגליך געווען עפּעס צו טהאָן. דערצו איז ער אימער געווען פערנומען מיט בעוועגונגס־אַרבייט. ערשט נאָכדעם ווי אַלע פלעגען זיך צוגעהן און די קינדער פלעגען אַנשלאָפען ווערען פלעגט ער זיך נעהמען שרייבען. ער פלעגט אַרבייטען 18 שעה אין מעת לעת, שלאָפען פלעגט ער ניט מעהר ווי אַ דריי שטונדען.

אין 1864 איז געגרינדעט געוואָרען דער „אינטערנאַציאָנאַל" פאַר וועלכען מאַרקס האָט אויפגעשריעבען דעם פּראָגראַם און די פּרינציפּען ערקלעהרונג; און גלייך האָט אויסגעבראָכען דער אַלטער קריעג צווישען די ביידע ריכטונגען אין דער רעוואָלוציאָנערער בע־וועגונג, צווישען דער סאָציאַליסטישער ריכטונג פון קאַרל מאַרקס און די אַנאַרכיסטישע ריכטונג פון באַקונין. אין דיעזען קאַמפּף

האָט זיך מאַרקס אַריינגעוואָרפען מיט לייב און לעבען און איהם איז געלונגען צו האַלטען דעם „אינטערנאַציאָנאַל" טריי צו זיינע פּרינ־ציפּען. געקאָסט האָט איהם דער קאַמפּף פיעלע פריינד און פיעלע אָנהענגער. א חוין צייט, ענערגיע און געזונד. אין פּאַרטיי־קעמפּפע, איז מאַרקס געווען ביטער און אונבאַרמהערציג. קיין וואַפּען איז פאַר איהם ניט געווען צו גרויזאַם. די געגנער זיינע האָבען אויך ניט גע־שאָנעוועט און פּערשפּרייט וועגען איהם די עקעלהאַפּטסטע און סקאַנ־דאַליעזעסטע מעשיות. זיי האָבען איהם געשילדערט פאַר אַן אכזר, פאַר א טיראַן, פאַר א מענש אָהן א ברעקעל האַרץ און אָהן א שטיקעל געוויסען, וועלכער האָט ניט געקענט פערטראָגען, אַז אימיצער זאָל איהם ווידערשפּרעכען אָדער זאָל מיט איהם קאָנקורירען אין איינפלוס.

אין זיין פאַמיליען לעבען איז מאַרקס געווען א מוסטער פון א מאַן און פאָטער. זיין איבערגעגעבענהייט און טריישאַפּט צו זיין פרוי און זיין ליעבע צו זיינע קינדער איז אונמעגליך איבערצוטריי־בען. ער האָט זיין פרוי איינפאַך פערגעטערט און די קינדער זיינען ביי איהם געווען טייערער ווי זיין אייגענער לעבען. וועגען זיין ליעבע צו די קינדער אין אַלגעמיין, ווערען די שעהנסטע מעשיות דערצעהלט, מעשיות וואָס קלינגען כמעט ווי לעגענדען. אין דעם געגענד וואו ער האָט געוואָהנט האָבען אַלע קינדער איהם גערופען „טאַטע מאַרקס". אין זיין אייגענע הויז פלעגט ער מיט די קינדער און שפּעטער מיט די אייניקלעך שטונדען לאַנג זיך שפּיעלען ווי זייער גלייכען.

אָט זיינען אייניגע שורות פון אַן אָבשאַצונג פון מאַרקס'ען אַלס פאָטער פון זיין איינגסטער טאָכטער:

„קאַרל מאַרקס איז געווען דער ליעבליכסטער, דער בעסטער פאָטער, ער האָט געהאַט א רייכע און ברייטע נאַטור, א וואַרימע און פריינדליכע בענעהמונג, וועלכע ווערט אַזוי גוט אָבגעשאַצט פון יונגוואַרג. איך האָב איהם קיינמאָל ניט געזעהן אָנגעכמורעט אָדער אומעדיג. וויפיעל זאָרג ער האָט אויפ'ן קאָפּ ניט געהאַט איז ער מיט אונז, קינדער, געווען פריינדליך און פרעהליך. אימער גרייט אונז צו אונטערהאַלטען. ער איז געווען אונזער קאַמעראַד און שפּיעל־חבר".

די מענשען וואָס זיינען מיט איהם אין בעריהרונג געקומען

אין די שטורמישע יאָהרען פון זיין פּארטיי־טהעטיגקייט האָבען פון איהם געהאט פערשיעדענע מיינונגען. די אָנהענגער זיינע, האָבען איהם פערגעטערט, איהם געלויבט ביז'ן הימעל, אַלס קעמפּפער און אַלס מענש. די געגנער וויעדער, האָבען איהם פעראַכטעט און אין איהם געזעהן אַ שלעכטע אָבשטויסענדע פּערזאָן. אָט זיינען אויס־ציגע פון צוויי אָבשאַצונגען, איינע געשריעבען פון אַ שונא און איינע פון אַ פריינד.ביידע האָבען זייערע איינדריקע בעקומען אויף דער זעלבער פערזאַמלונג, ביי אַ קאָנגרעס פון דייטשע ראַדיקאַלען אין 48טען יאָהר, וואו מארקס האָט געשפּיעלט די הויפּט־ראָלע.

אָט וואָס קארל שורץ, מארקס אַ געגנער שרייבט:

„ער איז אַ שטארק געבויטער מענש, מיט ברייטע שולטערען, זעהר שוואַרצע האָר און אַ שוואַרצע באָרד. ער האָט אַ נאָמען פאַר אַ גרויסען געלעהרטען, ער רעדט בעדייטונגספאָל, לאָגיש און קלאָר, אָבער איך האָב קיינמאָל ניט געזעהן אַ מענשען וועמענס האַלטונג איז אַזוי אונערטרעגליך. יעדען וואָס וויעדערשפּרעכט איהם בע־האַנדעלט ער מיט פעראַכטונג; אויף יעדען אַרגומענט וואָס איהם געפעהלט ניט, ענטפּערט ער מיט בייסענדען חוזק, ער פערדאַמט יעדען וואָס וואַגט זיך צו שטעלען געגען זיין מיינונג. דורך זיין פיה־רונג שטויסט ער אָב מענשען וואָס וואָלטען געוואָרען זיינע אָנ־הענגער".

און אָט איז אַ צווייטע בילד געשריעבען פון אַ פריינד, פון דעם אַמעריקאַנער זשורנאַליסט, אַלבערט בריסביין:

„איך האָב געטראָפען קארל מארקס אַלס דעם פיהרער פון פאָלקס בעוועגונג. ער האָט דאַן ערשט אָנגעפאַנגען ווערען פּראָמי־נענט; אַ מאַן פון אַ יאָהר דרייסיג, ניעדעריג, סאָליד געבויט, מיט אַ פיינעם פּנים און געדיכטע שוואַרצע האָר. זיין אויסדריק איז גע־ווען פון איינעם וואָס האָט אַ סך ענערגיע און זיין איינגעהאַלטענע אויפפיהרונג האָט זיך געשפּירט אַ פייער און אַ ליידענשאַפט פון אַ פעסטע ענטשלאָסענע נשמה. מארקס'עס הערשענדער געפיהל איז געווען האס געגען די מאַכט פון קאַפּיטאַל און איהרע רויבערייען און זעלבסטזיכטיגקייט אין איהר פערשקלאַפונג פון דעם אַרבייטער־קלאַס".

די נאָהענטע פריינד פון מארקס שילדערען איהם אַלס אַ טרייען קאַמעראַד, אַ גאַסט־פריינדליכען מענש, אַ ברייטע האַרץ

און וואַרימע נשמה. ער איז געווען פול מיט פּאָעזיע און הומאָר און ליידענשאַפט. אין די עלטערע יאָהרען זאָגאַר פלעגט ער צווישען פריינד זיך אַמוזירען און שטיפען ווי אַ קינד. די געגנער זיינע שיל־דערען איהם פערקעהרט, אַלס אַ בייזען, האַרטען, טרוקענעם מענש, אָהן אַ האָר וואַרימקייט, אָהן הומאָר, אָהן סימפּאַטיע. ער האָט אַ גרויסע ראָליע אין לעבען געשפּיעלט, ער האָט צו שטאַרק געווירקט אויף זיינע אַרומיגע קרייזען, אַז די מענשען וואָס האָבען איהם גע־קענט זאָלען איהם קענען אָבשאַצען אונפּאַרטייאיש, אָהן שום פאָר־אורטהיילען.

אָן עלטער האָט קאַרל מאַרקס געהאַט זעהר אַ שלעכטע, אויב מען קען די יאָהרען פון עטליכע און פופציג ביז פינף און זעכציג אַנרופען עלטער. די לעצטע 13 יאָהר פון זיין לעבען איז ער געווען שטענדיג קראַנק. אין די לעצטע פּאָר יאָהר האָט דער טויט ווידער אָבגעשטאַטעט אַ וויזיט אין זיין פאַמיליע און פון דאָרטען אוועק־געריבט זיינע געליעבסטע און טייערסטע.

זיין אַרבייט אַלס שרייבער און אַלס פיהרער פון דער סאָציאַ־ליסטישער בעוועגונג האָט ער פאָרטגעזעצט כמעט ביז'ן לעצטען טאָג פון זיין לעבען. צווישען די יאָהרען 1870 און 1880 האָט דער סאָציאַליזמוס געמאַכט ריעזיגען פאָרטשריט אין אַלע אייראָפּעאישע לענדער און קיין וויכטיגער שריט איז אין ערגעץ ניט געמאַכט גע־וואָרען אָהן קאַרל מאַרקס וויסען און גוט־הייסונג. ליעגענדיג אויפ'ן קראַנקען בעט האָט ער געשריעבען די לעצטע בענדער פון זיין „קאַפּיטאַל”, האָפענדיג אַז ער וועט נאָך דערלעבען זיי צו דרוקען געווידמעט צו זיין פרוי. ער האָט געליטען פון אַן אינערליכען גע־שוויר און שפּעטער איז די קראַנקהייט קאָמפּליצירט געוואָרען. אויף דעם ראַטה פון דאָקטוירים האָט ער אַ פּאָר מאָל גענומען דעם קור פון קאַרלסבאַד און דאָס האָט איהם ווירקליך גוטעס געטהאָן. אָבער אַם ענדע פון דער 70־ער יאָהרען האָבען די דייטשע און עסטרייכישע רעגיערונגען איהם פערבאָטען זייערע גרענעצען אַריבערצופאָהרען, און דער קור־פּלאַץ איז פאַר איהם אויך פערשלאָסען געוואָרען.

אין די זומער מאָנאַטען פון 1880 איז זיין פרוי קראַנק געוואָרען אויף אַ ראַק. און דאָקטוירים האָבען איהר אָבגעזאָגט דאָס לעבען. מאַרקס איז שיעור פון זינען ניט אַראָב. ער האָט ניט געקענט שלאָפען קיין נעכט און האָט זיך באַלד אַליין אוועקגעלעגט אין בעט

קראַנק אויף לונגען ענטצינדונג. די דאָקטוירים האָבען איהם קוים פון דער קראַנקהייט ארויסגעשלעפּט. איבער א יאָהר צייט האָט זיך די פּרוי געמוטשעט. אָם ענדע 1881 איז זי ענדליך געשטאָרבען. ווען ענגעלס איז געקומען טרייסטען זיין פריינד, האָט ער געזעהן, אז מארקס וועט דיעזען קלאַפּ ניט איבערטראָגען, „מארקס איז אויך געשטאָרבען", האָט ער ערקלערט פאר זיינע פריינד.

איין זאַך האָט איהם אויפגעהאַלטען ביים לעבען, זיין לייד־ענשאַפטליכער בעגעהר צו ענדיגען „קאַפּיטאַל" און עס איבערלאָזען אַלס מאָנומענט צו זיין פרוי'ס אנדענקען. מיט זיינע לעצטע כחות האָט ער זיך ווידער געוואָרפען אין דער ארבייט. ער איז געפאָהרען אויף א שטיקעל צייט אין זיד־פראַנקרייך און דערנאָך אין אַלזשיער, וואו דער קלימאַט האָט זיין געזונד עטוואָס פערבעסערט.

אָבער דער גרויזאַמער שיקזאַל האָט ניט געוואָלט אז דיעזע לעצטע האָפנונג זיינע זאָל מקוים ווערען און אין אָנפאַנג פון יאָהר 1883 האָט זיך דער טויט ווידער אריינגעכאַפּט אין זיין פאַמיליע. די עלטסטע טאָכטער זיינע איז פּלוצלונג געשטאָרבען, דאָס האָט איהם דערענדיגט. ער איז גלייך צוריקגעפאָהרען אהיים אין לאָנדאָן, ער איז געפאָהרען שטאַרבען. זעקס וואָכען איז ער קראַנק געווען. די בעסטע דאָקטוירים פון ענגלאַנד האָבען געזוכט איהם צו ראַטע־ווען, אָבער זייער מיה איז געווען אומזיסט.

דעם 14טען מאַרטש 1883 איז א שליח געקומען צו ענגעלס'ען אז ער זאָל וואָס שנעלער לויפען צו מארקס'ען אין הויז. ער האָט גע־טראָפען מארקס'עס איינגסטע טאָכטער אין טרעהרען. זי האָט איהם דערצעהלט, אז איהר פאָטער זיצט אין צימער ווי א גע'חלש'־טער. ווען ענגעלס איז אין צימער אריין איז שוין געווען אַלעס פאַר־איבער. מארקס איז געזעסען אויף זיין לעהן־שטוהל, א טויטער, מיט א שמייכעל אויף די ליפּען.

* * *

געבוירען אין מאַי, געשטאָרבען אין מערץ. די צוויי מאָנאַטען, וועלכע וועקען די טיערסטע ערינערונגען און די פייערדיגסטע האָפ־נונגען אין די הערצער פון דער ארבייטער־קלאַס, פאַר וועמען מארקס איז געווען דער פיהרער, וועג־ווייזער און ערלייזער. געבוירען אין מאָנאַט פון בלומען און בעפרייאונג, געשטאָרבען אין מאָנאַט פון שטרעבונגען און רעוואָלוציאָנען.

## 1

## פריהער צוויי, נאָכדעם א פּאָר.

דער מאָדערנער סאציאליזם האָט זיין נשמה פון קארל מארקס און זיין גוף פון פערדינאַנד לאַסאַל. פריעדריך ענגעלס איז אויך דערביי געווען ווען ער — דער ריכטיגער סאָציאליזם — איז געבאָרען געוואָרען; אויך האָט ער געהאַט אַ חלק אין דער האָדעוואַניע אין די ערסטע קינדער יאָהרען, אָבער נישט מעהר. ענגעלס האָט ניט געהאַט די געטליכקייט, פון וועלכער עס קומען נשמות און ניט די שאַפונגס־קראַפט, וואס קען מאכען פאַר אַ נשמה אַ גוף, אָהן וועלכען זי האָט ניט קיין ממשות.

עס איז געוואָרען אַ מאָדע צו רעדן פון מארקס און ענגעלס. דאָס האָט אָבער נור צו בעדייטען אַ גרויסער מאַן און אַ חבר. מען קען רעדען פון מארקס און לאַסאַל און דאַן הייסט דאָס: צוויי גרויסע מענער.

אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט זיינען דאָ פיעל אַזעלכע גרויסע מענער, פון וועלכע מען רעדט אין פּאָרען, און אַזוי גיך ווי איהר דערמאָנט איינעם פון זיי קומט גלייך אַרויף אויף די געדאַנקען פונ׳ם צוהערער דער אַנדערער. אָבער די דאָזיגע פּאָרען זיינען ענטוועדער הויכע פריינדשאַפטען ווי, למשל, דוד און יונתן, ביי אונז, דאַמאָן און פּיטיאַס ביי די גריעכען; אָדער קאָמבינאַציעס פון גרויסע כוחות, אפשר מיט פערשיעדענע פונקציעס (עובדות) און מיט פערשיעדענע פייהיגקייטען. אַזעלכע זיינען משה און אהרן, שמאי און הלל, שילער און געטהע, היינע און בערנע און אַנדערע. עס זיינען אויך דאָ פּאָרען פון גרויסע מענער, וואָס זיינען פשוט צייטגענאָסען, — מענשען, וואָס האָבען בלויז געלעבט אין דערזעלבער צייט און האָבען ווייטער קיין שום שייכות צווישען זיך ניט, ניט קיין דירעקטע, ניט קיין אינדירעקטע. אַזעלכע זיינען פּושקין און לערמאָנטאָוו, דאָבראָליובאָוו און טשערנישעווסקי, און אנדערע אין אַלע צייטען.

וואָס איז שייך צו מארקס און לאַסאַל איז אין דער פּאָרונג פון זיי פאראן עפּעס אַזוינס, וואָס מען געפינט אין יעדער אַמאַלגאַמירונג אפילו אין געשעפט, אָדער אין צייטונגס־אַרויסגעבונג. עס

טרעפט אָפּט, אַז צוויי פירמעס, וואָס האָבען צווישן זיך אָנגע־פיהרט אַ געפעהרליכע, פאַר ביידע צדדים רואינירענדע קאָנקו־רענץ, קומען ענדליך צונויף און פעראייניגען זיך. יעדע פון ביי־דע האָט יאָהרענלאַנג פאַראַדירט מיט איהר הויפּט פיגור, מיט דעם נאָמען, וואָס איז געווען אַ גרויסער אַ לאַנגע צייט פריהער, נאָך איידער מען האָט פון דעם דאָזיגען נאָמען גענומען ארויס־שלאָגען קאַפּיטאַל. אין דער פעראייניגונג נוצט מען ווידער אויס די ביידע נעמען, הגם אויף אַנאַנדער אופן: אַנשטאָט זיי צו הוי־בען און ליבען איינעם ג ע ג ע ן דעם אַנדערן, ריהמט מען זיי ביידע צ ו ז א מ ע ן, פערשטאַרקענדיג יעדען פון זיי דורך דעם אַנדערן.

דאָס האָב פּאַסירט (אין דייטשלאַנד ספּעציעל) נאָך דער פעראייניגונג פון די אייזענאַכער מיט די לאַסאַלעאַנער. זעקס־זיעבען יאָהר נאָך אַנאַנד האָט מען זיך ארומגעריסען און ביטער בעקעמפּפט איינע די אַנדערע. אויף איין זייט זיינען געווען די מאַרקסיסטישע אייזענאַכער מיט בעבעל און ליעבקנעכט אַלס די פעלדמאַרשאַלען, קעמפּפענדיג מיט די בלי־זין פון מאַרקס'עס אַרסענאַל און האָבענדיג דעם לעבעדיגען מאַרקס אַלס זייער אויבערהאַרר און שעף־קאָמאַנדיר. פון דער אַנדערער זייט איז גע־שטאַנען שווייצער מיט זיינע חברים, געפיהרט פון דעם טויטען, אָבער ניט געשטאָרבענעם לאַסאַל.

און דאַן אויף דעם גאָטהאַער קאָנגרעס פון 1875 זיינען זיי צונויפגעקומען, האָבען זיך צונויפגעגאָסען און זיינען געוואָרען איין גרויסע, מעכטיגע מאַסע. אין דער אַמאַלגאַמירונג איז פון דעסטוועגען נאָך געבליעבען אַ שעהן ביסעל פון דעם פריהער־דיגען גייסט פון ברודערשטרייט ביי ביידע צדדים. עס זיינען נאָך ג ע ב ל י ע ב ע ן צ ד ד י ם, דאָס איז דער עיקר. און איבער־הויפּט די לאַסאַלעאַנער האָבען ניט אַזוי גיך זיך אָבגעזאָגט פון זייער פריהערדיגע אָבגעזונדערטע עקזיסטענץ, מיט זייער בעזונ־דערע אמונה, זייער בעזונדערען טעמפּעל און, אין דעם טעמפּעל, זייער בעזונדערע גאָטהייט, וואָס האָט געטראָגען דעם נאָמען לאַ־סאַל, הגם זיי זיינען שוין געווען איין פאַרטיי מיט די אייזע־נאַכער.

עס האָבען זיך דערפאַר געהערט די נעמען מאַרקס און לאַסאַל

אויף אזא אופן, אז יעדער צד האָט געשטעלט דעם אקצענט אויף זיין העלד, אויף זיין פריהערדיגען הויפּט קאָמאנדיר. אָבער אזוי אָדער אזוי, דיביידע נעמען זיינען כסדר דערמאָנט געווארען צו־זאמען און ווען מארקס איז — אכט יאָהר נאָך דער גאָטהאער פעראייניגונג — אויך געשטאָרבען, האָט די פּלאטפאָרמע פון יע־דען קאָנגרעס געציערט סאַי א ביוסט פון מארקס, סאַי אזוינער פון לאסאל.

פון דעסטוועגען איז דאָס ניט דער הויפּטגרונד פון דעם דאָ־זיגען זוג: אין דער אידישער געשיכטע ארום די צייט פאַר'ן צווייטען חורבן איז אויפגעקומען דער אויסדרוק זוג (אָדער זוגות, רעדענדיג בלשון רבים), וואָס דערמיט האָט מען געמיינט דעם „נשיא" און דעם „אב בית־דין" — דעם פּאָליטישען און דעם רעליגיעזען פיהרער. איינער פון דיעזע זוגות איז געווען דער דער־מאָהנטער זוג שמאַי און הלל, וועלכען עס וועט אונז באַלד אויס־קומען נאָך אמאָל צו דערמאָהנען.

---

2

## הלל און שמאַי — מארקס און לאסאל.

ווען מיר זאָגען, אז דער סאָציאליזם האָט זיין נשמה פון מארקס און זיין גוף פון לאסאל, איז דאָס ניט איינפאך צוליעב דער פראזע, איז דאָס ניט בלויז מליצה.

מענשען, וואָס האָבען אן אויבערפלעכליכען בעגריף פון דער ראָלע, וועלכע ביידע מענער האָבען געשפּיעלט אין דער בעווע־גונג בעת זי האָט אָנגעהויבען צו ווערען דאָס, וואָס מיר רופען די מאָדערנע, די היינטיגע ארבייטער־בעוועגונג, וויסען, אז לא־סאל איז געוועזן א נאציאנאליסט, לגבי מארקס, וועלכער איז גע־וועזן אן אינטערנאציאנאליסט. דאָס איז אי ריכטיג אי פאלש. ריכטיג, אויב מען פערשטעהט, ווי מען דארף פערשטעהן, אז לא־סאל, אלס פּראקטישער פּאָליטיקער, האָט געמוזט בעשרענקען זיין טהעטיגקייט אויף דעם נאציאנאלען באָדען פון דער מדינה, אין וועלכער ער האָט געווירקט, בעת מארקס, אלס טהעאָרעטיקער, אלס גייסטיגער פיהרער פון דער סאָציאליסטישער בעוועגונג פון אלע

לענדער, האָט ניט געהאַט קיין שום נאַציאָנאַל־טעריטאָריעלע גרענ־צען פאַר זיך. פאַליש וועט אָבער זיין די מיינונג, אַז איינער איז געווען נאַציאָנאַל געגען דעם אַנדערן, וואָס איז געווען אינטערנאַ־ציאָנאַל, אויב מען פערשטעהט די ווערטער אַזוי, אַז לאַסאַל איז געווען אַ געגנער פון אינטערנאַציאָנאַליטעט און מאַרקס פון נאַ־ציאָנאַליטעט.

די נשמה, אַ גייסטיגע זאַך, אַ שטיק פון דאָס, וואָס מיר פערשטעהען אונטער דעם וואָרט גאָטהייט, אַ טהייל פון דעם וועלטבעשאַפער — דיעזע נשמה איז אומעטום און אַלעמאָל, ווי גאָט אַליין, וועלכער איז מלא כל הארץ כבודו, אַ זאַך אָהן אַ לאַנד און אָהן אַ גרעניץ.

דער גוף אָבער איז ניט דענקבאַר אָהן אַ בעשטימטען אָרט. אויב ער טראָגט אין זיך אַן אינטערנאַציאָנאַלע נשמה, מוז ער פון דעסטוועגען זיך בעווענען אין געוויסע גרעניצען, אויף אַ געוויסע טעריטאָריע, צי ער וויל צי ניט.

דערפאַר, און אַזוי ווייט, איז מאַרקס, דער בעל־נשמה, אינ־טערנאַציאָנאַל, בעת לאַסאַל, דער בעשעפער פון דעם גוף, איז נאַ־ציאָנאַל.

אין אַביסעל אַן אַנדער זין איז דאָס געווען דער פאַל ביי דעם אַלטען אידישען זוג הלל און שמאי. מיט אַ יאָהר ניינצעהן הונ־דערט פריהער.

הלל, ווי מאַרקס, איז געווע אַן עקספּאַטריאירטער. הלל האָט געלעבט אַ לאַנגע צייט אין בבל, ווי מאַרקס אין ענגלאַנד. שמאי, דאַגעגען, איז געווען אַ ירושלים'ער בירגער, ווי לאַסאַל איז געבליבען אַ דייטשער.

אידישקייט איז פאַר הלל הבבלי (באַביליאָניער, אַזוי האָט מען איהם טאַקי גערופען) געווען אַ גייסטיגע זאַך, וואָס איז ניט פערבונדען מיט קיין שום ספּעציעלע טערריטאָריע, ווי דער סאָ־ציאַליזם פאַר מאַרקס'ען. אין דערזעלבער צייט האָט זיין פריינד שמאי'ס אידישקייט געהאַט אַ טעריטאָריעל־נאַציאָנאַלען כאַראַק־טער, און איז ביי איהם געווען ענג פערבונדען מיט זיין פאָטער־לאַנד.

דאָס האָט אָבער אין זייער פאַל אויך ניט געהאַט צו בעדייי־טען, אַז הלל איז געווען וואָס מען וואָלט היינט רופען אַן אַנטי־

ציוניסט, אָדער אַז שמאי האָט ניט געהאַלטען פון אינטערנאַציאָ־נאַלע אידישקייט.

און אַזוי ווי מיר האַלטען דערביי, לאָמיר דעם פּאַראַלעל דורכפיהרען אין גאַנצען.

הלל, ווי מאַרקס, איז געווען אַן אָרעמאַן; שמאי, ווי לאַ־סאַל, איז געווען אַ נגיד.

הלל, ווי מאַרקס — יע, אַ סך מעהר ווי מאַרקס —, איז גע־ווען אַן ענו, אַ בעשיידענער מענש, ביי וועמען זיין איך איז גע־ווען אַ נעבענזאַך; שמאי, ווי לאַסאַל, איז געווען אַ טעמפּעראַ־מענטפולער מענש, אַ בעדייטענדער עגאָאיסט און איינער, וואָס האָט זיך אפשר ניט בעריהמט, אָבער האָט פון זיך געהאַלטען.

סאַי הלל סאַי שמאי האָבען נאָכגעלאָזען פיעל תלמידים נאָך זיך, אַ הלל־שול און אַ שמאי־שול (בית הלל און בית שמאי) אַזוי ווי מאַרקס און לאַסאַל. ווי זייערע שילער אין אונזער צייט, אַזוי האָבען יענע פּאַרצייטען געהאַט ויכוחים צווישען זיך, די האָבען גע׳טענה׳ט אַזוי און די אַנדערע פונקט פערקעהרט. כמעט אין אַלע פעלע (חוץ דריי) האָבען די חכמים פון שפּעטערדיגע דורות גע׳פּסקנ׳ט אַז בית־הלל האָבען רעכט, אַזוי ווי אונזער דור פּסקנ׳ט היינט אַז מאַרקס׳עס שול איז גערעכט לגבי לאַסאַל׳ס.

און צו פערענדיגען דעם פּאַראַלעל, וועל איך אויפמערקזאַם מאַכען, אַז מען האָט פוןביידענ׳ס תלמידים געזאָגט, דאָס וואָס מיר האָבען געהערט וועגען די תלמידים פון לאַסאַל און מאַרקס, אַז „זינט עס האָבען זיך אַזוי שטאַרק פערמעהרט די נאָכפאָלגער פון הלל און שמאי, יונגע לייט, וואָס האָבען ניט גענוג געלערנט, זיינען געוואָרען אַ סך מחלוקות ביי אידען און פון איין תורה — צוויי תורות".

---

3

## דער סנה ברענט און בלייבט גאַנץ.

צווישען די מענשען, וואָס מיר זיינען געוואוינט צו דער־מאָהנען פּאָרוויז, האָב איך אויבען אריינגערעכענט משה ואהרן. אין איין פּרט לאָזט זיך פערגלייכען די ראָלע פון די ביידע אין

דער צייט פון אונזער אידישער יציאת מצרים מיט דער טהעטיג־קייט פון מאַרקס און לאַסאַל.ביי פערשיעדענע געלעגענהייטען איז מיר אויסגעקומען צו מאַכען דעם פערגלייך און אזוי ווי מיר האַלטען ביי דער אידישער געשיכטע און איהרע העלדען אין דער גרייז־גרויער פערגאַנגענהייט, לאָז דאָס דאָ געפינען אַ שטיקעלע פּלאַץ. אויף שטרענגע, ניכטערנע, טרוקענע וויסענשאַפטליכקייט מאַכט דאָס, וואָס מען לעזט דאָ, סאַי ווי סאַי קיין פּרעטענזיעס ניט.

די שעהנע לעגענדע אין חומש וועגען דעם אָנפאַנג פון דער אידישער פרייהייטס־בעוועגונג אין עגיפּטען דערצעהלט אונז:

„פּיטערנדיג זיין שוועער יתרו'ס שעפּסען... איז משה געקומען צום געטליכען באַרג חורב.

„און עס האָט זיך צו איהם בעוויעזען אַ מלאך פון גאָט אינ'ם פלאַם פייער, וואס איז געקומען פון אַ דאָרן, און ער האָט געזעהן, אז דער סנה ברענט אינ'ם פייער און ווערט ניט פערברענט.

„און משה האָט געזאָגט: לאָמיך צוגעהן זעהן דיעזע גרויסע ערשיינונגג, צו פערשטעהן פאַר וואָס דער סנה ווערט ניט פער־ברענט אינ'ם פייער.

„און יהוה האָט געזעהן, אז משה איז געקומען **זעהען**, האָט ער צו איהם צוגעשריען פונ'ם סנה: משה, משה! און ער האָט געענטפערט: אָט בין איך.‟

דאַן האָט גאָט צו איהם געזאָגט, אז ער האָט צוגעזעהן די פּייניגונג, וואס די פער'שקלאַפטע אידען שטעהען אויס אין מצרים, האָט דערהערט זייער שמערץ־געשריי און האָט בעשלאָסען זיי ארויסצונעהמען פון דער קנעכטשאַפט און זיי אריינצוברענגען אין אַ לאַנד „אַ גוטע, אַ ברייטע, אין אַ לאַנד, וואָס פליסט מיט מילך און מיט האָניג‟, וואָס איז ביז דאַן געווען בעזעצט פון זעקס אַנ־דערע פעלקער.

און גאָט האָט געזאָגט צו משה'ן ער זאָל געהן צו פּרעה מלך מצרים און זאָל ארויספיהרען די אידען פון מצרים. משה האָט גע'טענה'ט, אז דאָס פאָלק וועט איהם ניט גלויבען, ווען ער וועט קומען צו זיי אַ שליח פון גאָט, און גאָט האָט איהם געגעבען סימנים, נסים און וואונדער, מיט וועלכע ער זאָל זיך ווענדען צום פאָלק.

משה האָט זיך אָבער אַלץ נאָך געקווינקעלט. זיין לעצטע טענה איז געווען, אַז ער טויג ניט צו אַזאַ שליחות, ווייל ער איז שווער אויפ׳ן לשון, איז ניט קיין רעדנער און וועט זיך ניט קענען שטעלען פאַר׳ן גרויסען דעספּאָט.

אויף דעם האָט איהם גאָט דער האַרר געענטפּערט, אַז ער אַליין וועט איהם שוין איינגעבען די רייד, וואָס מ׳ען דאַרף רעדען. משה אָבער האָט נאָך אַלץ מורא געהאַט, ווּיסענדיג זיין שוואַכ־קייט בנוגע צום לשון און ער האָט זיך געבעטען ביי גאָט: שיק, ליעבער גאָט, ערגיץ אַן אַנדערן!

דאָ איז גאָט בייז געוואָרען און האָט מיט כעס צו משה׳ן גע־זאָגט: „אָט האָסטו דאָך דיין ברודער אהרן דעם לוי, לאָז ער געהן מיט דיר צו פּרעה׳ן; איך האָב פריהער געוואוסט אַז דער ריידער וועט ע ר זיין... ניט דו... געהט ביידע צו פּרעה׳ן און טוט וואָס איך הייס אייך”. —

עלטערע מענשען, וואָס האָבען מיטגעלעבט און דורכגעלעבט די ערשטע יאָהרען אין דער היינטיגער סאָציאַליסטישער אַרביי־טער־בעוועגונג, וועלען ניט בעדאַרפען קיין אויסערגעוועהנליכע איינבילדונגסקראַפט כדי אויסצוטייטשען די דאָזיגע ביבלישע לע־גענדע, זי צופּאַסענדיג צו אונזערע פערהעלטניסע, פּאַסירונגען און פּערזענליכקייטען.

מיר האָבען געזעהן אַ ברענענדיגען סנה, וואָס אַלץ אַרום איהם איז געווען מדבר, פּוסט און וויסט און האָפנונגס־לאָז. דער סנה האָט געברענט מיט אַ געטליכען פלאַם, מיט אַ פלאַם, וואָס ברענט און פערברענט ניט, וואָס צינדט און צושטערט ניט, ווייל די עובדא פון דעם פייער איז ניט צו פערניכטען, נור צו לייכטען, צו פערשפּרייטען ליכט צווישען די פינסטערלינגע אין דעם מדבר... און קומען קומט דער פלאַם פון דער גאָטהייט אַליין, פונ׳ם גייסט, וואָס שאַפט און בעפרייט, וואָס גיט מענשען דעם מוטה געגען די טיראַניי, די בעגייסטערונג אין „דער מיט” פון ביטערע געמיטער און געבראָכענע הערצער.

און דער סנה האָט געברענט, ניט ווערענדיג פערברענט, אַ לאַנגע צייט און קיינער האָט זיך ניט אַ ריהר געטאָן פון אָרט. דער אונטערדריקטער קורצער בעפרייאונגס־קאַמפף פון 1848־1849 האָט איבערגעלאָזען דעם פערשקלאַפטען, געפייניגטען, אויסגע־

האַרעיועטען עולם אין א צושטאַנד פון מוטהלאָזיגקייט, אַבגע־שוואכט און פערצווייפעלט, איבער דער גאַנצער וועלט.

איין מענש, מיט א גרויסען מוח, מיט א שארפען בליק וואס זעהט טיעף אריין אין די סאַמע הערצער פון אַלע גרויסע ער־שיינונגען, האָט זיך פערקוקט אויף דעם געטליכען סנה און איז צוגעקומען נעהנטער צו זעהן וואס דאָס בעטייט א זאך, מאָלט אייך, וואס ברענט און ווערט ניט פערברענט.

איהם האָט דער גייסט, פון וועלכען דער פלאַם, דער הייליגער פייער, האָט געשטאַמט, אויסגעקליבען זיך צו נעהמען צו דער גרויסער ארבייט פון אויפמונטערן די האַלב־טויטע שקלאַפען, פון רעדען די שפּראך פון טראָיץ און רעבעליאָן צו די טיראַנען און די שקלאַפענטרייבער.

דאָס איז געווען מארקס.

אָבער ער האָט אין זיך קיין גרויס אמונה ניט געהאַט. ער האָט געוואוסט, אז ער איז א כבד־פה, אז ער טויג ניט צום ווע־קען, ניט צום רעדען צו א דעספּאָט.

האָט מען איהם געגעבען צו פערשטעהן, אז דער פרייהייטס־גייסט וועט זיין מיט איהם; וועט איהם שוין סופלירען זיינע ווערטער, כל־זמן ווי ער איז פול פון יענעם הייליגען ענטהוזיאזם, פון יענעם שלהבת־יה, וואס ברענט אין דעם סנה.

האָט ער אָבער אַלץ נאָך מורא געהאַט. איהם האָט געפעהלט ניט מוטה געגען דעם שונא, ניט אמונה אין די הייליגע זאך, ניט מוח אָדער כוח; איהם האָט געפעהלט דער לשון און ער האָט גע־קלערט, אז זיינע רייד וועלען ניט אריינגעבען מוטה דעם שקלאַף, אָדער שרעק דעם אונטערדריקער.

איז בעשלאָסען געווארען א פשרה. מיט איהם זאָל מיטגעהן א ברודער מיט א געשליפענעם צונג, מיט א גרויסע רעדנער־קראַפט. דאָס איז געווען לאַסאַל.

---

4

## טהעאָריע און פּראַקטיק.

איך בין מוכן ומזומן צוצוגעבען, אז פון א ריין ניכטער־לאָגישען שטאַנדפּונקט וואָלט מיין פערגלייך פון מארקס און לאַ־

פּאָל מיט משה ואהרן קיין שטרענגע קריטיק ניט אויסגעהאַלטען. איך גלויב אָבער, אז וואָס איז שייך צו דעם ארויסטריט פון דיביידע מענער, ארום וועלכע מיר רעדען דאָ, האָט דער דאָזיגער פערגלייך געהאָלפען ארויסברענגען דעם אמת. שפּעטער, ווען לאַסאַל'ס אגיטאַציע האָט זיך אָנגעפאַנגען און זיין לאַנגיאָהריגע פריינדשאַפט און געגענזייטיגע אַכטונג לגבי מארקס'ען איז גע־ווען אזוי גוט ווי צו־ענד; שפּעטער, ווען די גרויסע אגיטאַציע פון די יאָהרען 1863-1864, צו וועלכע מאַרקס און ענגעלס זיי־נען פון לאַסאַל'ען איינגעלאַדען, אָבער פון זיי ניט אָנגענומען גע־וואָרען, האָט ארויסגעבראַכט דעם גאַנצען לאַסאַל מיט אַלע זיי־נע שטאַרקע און שוואַכע זייטען, — שפּעטער, זאָג איך, איז שוין ווענגען א משה־ואהרן־שייכות מעהר ניט געווען וואָס צו רע־דען.

לאָמיר פּרובירען פערשטעהן וואָס יעדער פון די ביידע מענער איז געווען פאר זיך, און ווי זיי האָבען אויסגעזעהן איינער לגבי דעם אַנדערן. דאָס וועט זיך אונז אפשר אָם בעסטען איינגעבען ווען מיר וועלען שילדערן ניט יעדען בעזונדער, נור ביידע צוזאמען, אזוי ווייט, לכל הפחות, ווי דאָס וועט זיך לאָזען.

מאַרקס איז געווען מיט זיעבען יאָהר עלטער פאר לאַסאַלען. אין די פערציגער יאָהרען פון דעם 19טען יאָהרהונדערט, ווען זיי זיינען בעקאַנט געוואָרען איינער מיט דעם אַנדערן, איז לאַסאַל נאָך געווען אַ גאַנץ יונגער מאַן אין די צוואַנציגער, מאַרקס אָבער שוין אריבער דרייסיג. פון דעסטוועגען איז שוין לאַסאַל געווען א טוער, אן אַקטיווער מענש, בעת מאַרקס האָט געאַרבייט איבער טעאָריעס, זיך גראָבענדיג אין ביכער.

רעוואָלוציאָנער זיינען זיי ביידע געווען, אָבער זייערע נאַ־טורען זיינען געווען פערשיעדענע, ווי מיר וועלען באַלד זעהן. צונויפקומענדיג מיט מאַרקס'ען, האָט דער אינגערער, לאַסאַל, זיך געפיהלט פון איין זייט אַלס מאַרקס'עס א תלמיד אין דער טעאָ־ריע, ספּעציעל אין פּאָליטישער עקאָנאָמיע, אָבער פון דער אַנדע־רער זייט אַלס א וועלט מענש, א „מעורב בין הבריות", א מאַן פון טהאַטען לגבי א קלויזניק, טאַקע אַ גאון'ישען קלויזניק, אָבער פּאָרט אַ קלויזניק.

דערצו איז צוגעקומען נאָך דער פאָלגענדער אונטערשיעד:

מארקס איז געווען א פערהייראטהער מאן און כמעט אימער אן אביון, בעת לאסאל האט נעהאט א פערמעגען, וואס האט איהם געגעבען א מעגליכקייט צו לעבען פריי פון דאגות פרנסה און צייטענווייז זאגאר אין לוקסוס, און איז דערביי געבליעבען א בחור ביז'ן טויט.

פאר'ן פראלעטארישען בעפרייאונגס־קאמפף האט מארקס כסדר געשמידט די וואפען, שמידענדיג און זאמלענדיג — שמידענדיג פון דעם מאטעריאל אונטער דער האנד און זאמלענדיג נייעם מאטעריאל פאר נאך און נאך און נאך כלי־זין. זיין ארבייט איז געווען ביין ווארשטאט, ביין גייסטיגען ווארשטאט, שטענדיג בערייכערנדיג זיין מעכטיגען ארסענאל. טראגען די וואפען, זיי געברויכען גענגען דעם שונא האבען געזאלט אנדערע. דאס זאגט, פערשטעהט זיך, גאר נישט גענגען זיין מוטה. לאסאל, דאגעגען, האט אפילו פון זיין זייט אויך געטאן, וואס ער האט געקענט, צו מאכען רייכער דעם סאציאליסטישען ארסענאל, אבער זיין הויפטטהעטיגקייט איז בעשטאנען אין געברויכען די כלי־זין, אין קעמפפען און פיהרען אנדערע צום קאמפף. ער האט אפען ערקלערט פאר יעדען, וואס האט געוואלט וויסען, אז זיין שווערד, דער שארפער גייסטיגער שווערד איז פאבריצירט געווארען פון מארקס'ען.

מארקס'עס טהעטיגקייט ביז דעם יאהר 1864, ווען ער האט זיך גענומען צו דער גרינדונג פון דער אינטערנאציאנאלע (א פאר וואכען נאך לאסאל'ס טויט!), איז געווען א געצוואונגענע טהעטיגקייט, פשוט ווייל עס האט איהם עפעס ניט געפאסט צו שטעהן פון ווייטען. לאסאל'ס „באנק־קוועטשעריי" (מען ווערט, האף איך, ענטשולדיגען דעם היימישען פראסטען אויסדרוק) איז געווען נור מחמת ער האט בטבע געהאט א גרויסע אמביציע אין דעם פרט פון בילדונג, אבער אין גרונד — און פריהער פאר אלץ — איז ער געווען א „פאיטער", א קעמפפער, א טוער.

מארקס, אלס א געלעהרטער, אלס א פארשער, אלס א דענקער, האט געקענט זיין אביעקטיוו, האלטענדיג זיין פערזענליכקייט אינ'ם הינטערגרונד, אדער אן א זייט. דאס איז בשום אופן ניט געווען דורך איבערכריבענע עניוות. לאסאל, דאגעגען, איז געווען א מענש אין דער עפענטליכקייט, קעמפפענדיג, אדער זיך צוגריי־

טיגנדיג צום קאַמפּף. חוץ דעם איז ער כסדר געשטאַנען פאַר דער עפענטליכקייט, אלס א מענש מיט רעוואָלוציאָנערע, זעהר ניט פּאָפּולערע אידעען און איז דערפאַר געווען אין אלין סוביעק־טיוו, אומעטום מיט זיין „איך״ אין דעם פאָרדערגרונד פון דער פּאָליטישער ביהנע, זעהר נאָהנט פון די סאַמע „פּוסליכט״, שטאָלץ אויף זיין מוח, זיינע קענטניסע, זיין ענערגיע און זיין מוטה. דאָס איז ביי איהם ניט געווען דער פאַל אָהן א גוטע דאָזע פון געוועהנליכע גאוה, ווי מען מיעסט זי ביי קלענערע מענ־שען, אָבער ניט מעהר ווי א דאָזע, ווען מען געדענקט די פּער־העלטניסע פון זיין צייט ווי דאָ איז אָנגעמערקט געווארען.

מארקס אלס א געלעהרטער, א בוך־מענש, אַ מין איש תם יושב אוהלים, איז זעלטען געקומען אין א לאַגע צו דאַרפען עובר זיין אויף אַ רעוואָלוציאנערען לאַו, דאָס הייסט, צו מאַכען א קאָמפּראָמיס. לאַסאַל, דאַגעגען, האָט פון צייט צו צייט געטאָן זאכען, וואָס זיינען פון א ריגאָריסטישען שטאַנדפּונקט אפשר ניט געווען גאַנץ כשר, ווי, למשל, זיין דערלאַנגען א פּראָשעניע צום בערלינער פּאָליצייפּרעזידענט, בעטענדיג ערלויבניס צו וואוי־נען אין בערלין. אלס א טוער, האָט ער ניט געקענט זיך לאָזען פערצאַמען זיין וועג דורך פסוקים פון דער „תורה״, הגם ער האָט פון זיי געהאַלטען. — נור אין איין פּרט איז ער געווען שטרענגער ווי מארקס. ער האָט געהאלטען פאַר א שווערען חטא צו שריי־בען, ערשטענס פאַר געלד, צווייטענס אין קאַפּיטאַליסטישע צייי־טונגען. מאַרקס האָט געמאָן ביידע זאַכען, ווערענדיג אַ קאָררעס־פּאָנדענט אין די ניו יארקער „טריביון״. ער האָט זיך פּשוט ניט געקענט ערלויבען דעם לוקסוס פון אזא ריגאָריזם, ווי דאָס האָט געקענט דער „רייכער״ לאַסאַל. — צו זיין גערעכט צו לאַסאַל׳ען, מוז דאָ גלייך געזאַגט ווערען אז ער אליין האָט פאַר מאַרקס׳ען געזוכט צייטונגס־קארעספּאָנדענץ אין 1859, כדי ער זאל קענען מאַכען א לעבען.

איצט קומען מיר צו א פערגלייך צווישען די ביידע מענער אלס אידען — וועניגסטענס אלס „טייטשען מזרע היהודים״. דאָס פערלאַנגט א בעזונדערען קאַפּיטעל.

---

## 5

## אונזערע גדולים אלס אידען.

ביידע, מארקס און לאסאל, זיינען געבאָרען געוואָרען אין דעם ערסטען פערטעל פון דעם נײַנצעהנטען יאָהר הונדערט: מארקס אין 1818, לאסאל אין 1825.

אין דער צייט פון די נאפּאָלעאָנישע מלחמות, וועלכע האָבען זיך געענדיגט אין 1815, ווען דער „גרויסער" נאפּאָלעאָן (דער גרויסער קצב, ווי וויקטאָר הוגאָ רופט איהם) איז פערשיקט גע־וואָרען אויף דעם אינזעל סט. העלענא, האָבען די דייטשע אידען פריי אָבגעצויגען דעם אָטהעם. זיי האָבען געקראָגען געוויסע פרייהייטען אפילו אין פּרייסען, ספּעציעל די מעגליכקייט אריינ־צוקומען אין די הויכע בילדונגס־אַנשטאלטען פון דייטשלאנד, און געוויסע בירגער־רעכטע.

אזוי גיך אָבער ווי די פראנצויזען זיינען בעזיעגט געוואָרען און די „הייליגע אליאנץ" (רוסלאנד, דייטשלאנד און עסטרייך) האָט ווידער געקענט וואָיעווען איבער אייראָפּא מיט א שטארקע האנד, זיינען צוריקגענומען געוואָרען אלע „פרייהייטען" בכלל און די אידישע בפרט. די אידען האָבען זיך דערווייל געהאט צו־געוואוינט זיך אליין צו בעטראכטען פאר מענשען, פאר גאנצע מענשען, פאר „דייטשען מאָזאישער רעליגיאָן". אלץ איז אין דעם משך פון א צעהנדליג יאָהר אָדער מער פערטייטשט געוואָרען, פון דעם תנ"ך, וועלכען מענדעלסזאָהן און זיינע תלמידים האָבען איבערזעצט אויף דייטש, ביז די אידישע נעמען. מיט אמאָל איז געקומען די רעאקציע. „צוריק אין געטטאָ אריין!" האָט פּריי־סען קאָמאנדירט, און ווען דער איד איז געקומען דעם קריסט אין וועג, האָט מען איהם געהייסען „מאכען מאָרעס", א שטייגער „גיט־אָוט־אָוו־היער!" בלשון אמעריקא, פּונקט ווי פריהער.

עס איז געווען איין ברירה: צוריקגעהן צום געטטאָ, צום אלטען אידישען אָבגעזונדערטען לעבען, זיך אָבזאָגען פון יעדע העכערע בילדונג, פון א דאָקטאָר קאַריערע, פון אן אדוואָקאט פּראקסיס און אזוי ווייטער, אָדער זיך שמד'ען.

האָבענדיג פאר זיך דיזע איינציגע ברירה, האָט מארקס'עס

פּאָטער, אַן אדוואָקאַט, זיך גע'שמד'ט, בעת לאַסאַל'ס פּאָטער, אַ זיידענהענדלער, איז געבליעבען אַ איד.

ביידענ'ס אידישקייט האָט ניט געהאַט קיין גרויסען ווערטה, אָבער דער אַלטער לאַסאַל האָט זיך לכל הפּחות פּאָרמעל געהאַל־טען פאַר אַ בן־ברית. דאָס האָט טאַקע איהם ניט געשטער־ט צו ערציהען זיין זוהן אויף אַ ריין דייטש־קריסטליכען אופן, דער יונגער לאַסאַל אָבער האָט זיך פארט געהאָדעוועט אין אַ מעהר אידיישע סביבה. פון זיין „טאַגעבוך" ווייסען מיר, אַז אין די יונגע יאָהרען האָט אין איהם געקלאַפּט אַ אידישער אָדער. ביי אַ גע־וויכער געלעגענהייט האָט ער זאָגאר גע'חלומ'ט פון בעפרייען אי־דען מיט'ן שווערד אין דער האנד.

שפּעטער האָט ער זיך אין גאַנצען אַסימילירט און אידען האָ־בען איהם זעהר ווייניג אינטערעסירט. ער איז געוואָרען אַ „גוי" ניט ווייניגער ווי מאַרקס, וועלכער איז דורך זיין פאָטער געטויפט געוואָרען ארום דיזעלביגע צייט ווען לאַסאַל איז אָנגעקומען אין דער וועלט.

עס איז דערפאַר ניטאָ פּיעל וואָס צו דערצעהלען, ניט וועגען דעמ'ס אידישקייט, ניט וועגען דעם אַנדערנ'ס. וואָס איז שייך צו זייער האַלטונג אין דער אידען פראַגע איז אינטערעסאַנט פאָל־גענדעס:

לאַסאַל האָט משמעות גאָר ניט געפיהלט, אַז ער האָט עפּעס אַ שייכות מיט'ן „יודענטום". דערביי איז ער געוועזען אַ דייטשער איד מיט אַלע קליפּערלעך; מיט אַנדערע ווערטער, אַ מענש מיט אַלע אונסימפּאַטישע אייגענשאַפטען, וואָס דער דאָזיגער מין איד האָט. ווען איהר לייענט לאַסאַל'ס „אינטימע" בריעף צו זיין פאַמיליע — פאַר וועלכע ער האָט, פאַרבייגעהענדיג, אַ טיעפע, אמת'ע ליעבע — וואַרפען זיך אייך כסדר אין די אויגען די קליינ־ליכע בורזשואַזנע חשבונות זיינע מיט זיין פאָטער און שוועס־טער. „שיק מיר ציגאַרען און שרייב די הוצאה אויף מיין קאָנ־טאָ" איז אַ מוסטער פון יענע עכט־דייטשע אידישקייט, וועלכע איז אונז ליטוואַקעס און אַנדערע, אַזוי אונסימפּאַטיש. ביי אונז לעגט זיך אויפ'ן שכל, אַז מען זאָל עלטערן בעהאַנדלען שלעכט, אַז מען זאָל פון זיי שלעכט בעהאַנדעלט ווערען, אָבער מען האַלט מיט אַ טאַטען ניט אַזעלכע קליינליכע חשבונות.

בעקער, וויעדער, זיין ערשטער נאָכפאָלגער אלס פּרעזידענט פון דעם אלגעמיינעם דייטשען ארבייטער־פעראיין, פון לאַסאַל אליין (פאר'ן געהן צום דועל) פאָרגעשלאָגען פאר דעם אמט, האָט, ווי מען ווייס, איהם אָבגעדיענט און האָט נאָך לאַסאַל'ס טויט אויסגערעדט אויף איהם וואָס אין קאָרט שטעהט. צווישען אַנ־דערע בעריידערייען, געפינט זיך אן אָפּט ציטירטער ווערטעל פון לאַסאַל, אז עס זיינען דאָ צוויי קלאַסען מענשען, וועלכע ער האָט פיינט: אדוואָקאטען און אידען, און ל י י ד ע ר געהערט ער צו ביידען.

לאַסאַל האָט דאָס ניט געלייקענט, ווייל ער איז שוין געווען ניין יאָהר טויט ווען בערנהארד בעקער האָט געשריעבען זיין „גע־שיכטע", אבער מעגליך איז עס, הגם ער אליין האָט אפשר ניט געמיינט, אז אימיצער וועט דאָס נעהמען ערנסט. דאָס איז אלין וואָס מיר ווייסען וועגען זיין „אידישקייט" חוץ דעם אינצידענט אין זיין ראָמאַן מיט די רוסישע יונגע מיידעל סאָפיע סאָלנצעווא, ווען ער האָט געקלערט וועגען טויפען זיך פון איהרטוועגען צוליעב דעם רוסישען געזעץ, דערביי גאַנץ קלאָר איהר זאָגענדיג, אז דאָס וואלט געווען געגען זיין ווילען און איבערצייגונג.

מאַרקס האָט זיך צום „יודענטהום" שוין ערנסטער בעצויגען. איהם האָט, משמעות, די אידישע פראגע גראָד „געבאָדערט", אָבער ער האָט פשוט געהאַפּט אז די אידישקייט, וועלכע האָט בעזיעגט און פערשלונגען די בורזשואזיע, וועט צוזאמען מיט איהר אליין פערשוואונדען ווערען (במהרה בימינו, אָמן!).

דאָס דריקט ער אויס אין א בריעף צו רוגע, געשריעבען אין א לשון, וועלכען איין העגעל אין דייטשלאַנד און איין גאָט אין הימעל קען פערשטעהן. דער שלום איז קלאָר גענוג:

„די געזעלשאפטליכע עמאנציפאציע פון דעם אידען איז דער געזעלשאפט'ס עמאַנציפּאציע פון דעם יודענטום", זאָגט מאַרקס.

געשריעבען האָט דאָס מאַרקס אין 1843, ווען ער איז געווען א פינף־און־צוואַנציג יעהריגער יונגער מאַן. ער איז דאַן געווען נאָר־וואָס בעקאַנט געוואָרען מיט סאָציאלע אידעען און האָט גע־חלומ'ט וועגען א גרויסע רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד.

געקומען איז — פינף יאָהר שפּעטער — א רעוואָלוציע אין יענער מדינה, אָבער ניט קיין גרויסע. נאָך איהר — א רעאַק־

ציע און גאָר א נייט־קישה'דיגע. אלס א רעזולטאט דערפון איז מארקס צוזאמען מיט ענגעלס, ליעבקנעכט און אנדערע אין 1849 געוואָרען א תושב אין ענגלאנד, וואו ער האָט אויסגעלעבט זיינע יאָהרען.

אין בעזונדערע ביאָגראפיעס פון דיביידע גאונים אונזערע וועלט מען געקענט עטוואס מעהר זאגען וועגען זייער אידיש־קייט, אָבער דאָ קענען מיר זיך דערמיט ניט פערנעהמען.

איין קורצע בעמערקונג בעט זיך דאָ:

אז מארקס און לאסאל האָבען אידישע פנים'ער. אָבער אויב עס איז דאָ אזא ספעציעלער טיפ ווי דער טיפ פון א דייטשען איד, דאן איז דאָס לאסאל, און אויב מען קען זיך דענקען אן אל־וועלטליכען טיפ פון א אידען, דאן איז דאָס מארקס.

טוט לאסאל'ען אָן א מונדיר מיט שליפעס, בלאנקע קנעפּ און גאלאנדלעך און איהר האָט פאר זיך א אידיש־דייטשען מי־ניסטער א לא דערנבורג. טוט אָן מארקס'ען א יארמולקע, ניט מעהר, און דער פנים קען פערשטעלען א ר' עקיבא איגער, א ר' יונת'ל פּרעגער אָדער אַן אנדער גאון פון וועלכען דור איהר ווילט.

---

6

## דער אַווטאָר און דער אַרטיסט.

מארקס האָט איבערגעלעבט זיין אַמאָליגען חבר מיט גאנצע ניינצעהן יאָהר. דאָס איז פיזיש. אין גייסטיגער בעציהונג האָט ער איהם איבערגעלעבט מיט פיעל מעהר יאָהרען ווי ניינצעהן, און דאָך איז זיכער, אז אויב לאסאל איז ניט געווען א גרעסערער מאן ווי מארקס איז ער ניט געווען א קלענערער.

פרעגט איהר: ווי קומט דאָס? זעהר איינפאך, דענק איך.

אויף דער וועלטבינע ווערען זאכען געטאָן כמעט אויף דעם־זעלביגען אופן ווי אויף דער דראמאטישער בינע. דאָס גאנצע לעבען פּאָליטיש, קינסטלעריש, רעליגיעז און סאָציאל, ווערט אויפ־געפיהרט ווי א דראמא אין טהעאטער דורך דרייערליי כוחות.

עס איז דאָ א פערפאסער. ער מאכט די פיעסע, אין לעבען ווי אויף דער סצענע. נאטירליך, ער מאכט די פיעסע ניט פון

גאַרנישט. דעם מאַטעריאַל האָט פאַר איהם בעזאָרגט א גאַנצע רייהע פון פריהערדיגע דורות, אמאָל מענשען פון דעם אייגענעם דור. געמאַכט, פון דערכטוועגען, האָט די פּאָליטישע, סאָציאַלע אָדער קינסטלערישע זאַך דער דאָזיגער פּערפאַסער, דער אווטאָר, ווי איהר רופט איהם.

דאָס שטיק קען, אין לעבען ווי אויף דער ביהנע, ניט אויפגעפיהרט ווערען נור דערמיט אליין, וואס עס איז דאָ, פאַרטיג, געמאַכט. אימיצער מוז עס אויפפיהרען. די ראָלען, כדי צו ווערען בעמערקט און פערשטאַנען, מוזען געשפּיעלט ווערען. די פּיעסע נויטיגט זיך אין א קינסטלער, א שוישפּיעלער, כדי צו ווערען פון א מאַנוסקריפּט א טהעאַטערשטיק, כדי אָנצונעהמען א לעבעדיגע געשטאַלט, כדי אַז אותיות און ווערטער פון טינט אויף פּאַפּיער זאָלען ווערען פערוואַנדעלט אין בילדער און געשטאַלטען מיט פליישׁ און בלוט, מיט ביינער און מאַרך, בקיצור, מיט לייב און לעבען. אָט אַזוי קומט צו צום אווטאָר דער שוישפּיעלער.

דער דריטער פון די כוחות איז צווישען דיביידע ניט אַלעמאָל נויטיג. דער גרויסער קינסטלער קומט אויס אָהן איהם, אָבער די קלענערע מוזען אַלע איהם האָבען. זיי קענען זייערע ראָלען ניט דורכפיהרען און זייער פּיעסע ניט אויפפיהרען אָהן א סופליאָר. דאָס איז אין לעבען פּונקט ווי אויף דער ביהנע. צווישען דעם מחבר פון דעם טעקסט און דעם פּאָרשטעלער פון דעם טיפּ איז נוטיג א „פּראָמפּטער", איינער, וואס זאָל העלפען דעם שוישפּיעלער פול און גאַנץ ארויסברענגען דעם כאַראַקטער. דאָס איז ביי די קליינע. דער גרויסער קינסטלער נויטיגט זיך אין דעם ניט. בעת יענע נעהמען אריין אין מח געוויסע ווערטער און ברענגען זיי שפּעטער ארויס אויף דער סצענע, ווערט דער גרויסער ארטיסט אזוי שטאַרק פערשמאָלצען מיט זיין ראָלע, אז די ראָלע דאָס איז ער אליין, זי ווערט א טהייל פון איהם און ער ווערט אַבסאָרבירט פון איהר, מיט די ווערטער, מיט אַלעמען, וועלכע ער געפינט אינ'ם טעקסט און וועלכע זיינען זיין ראָלע. נאָך מעהר. ער טוט אריין אין די ראָלע עפּעס אזוינס, וואָס דער פּערפאַסער אליין האָט וועגען דעם גאָרניט געטראַכט.

און וואס איז שייך צו דעם סאָציאַל־פּאָליטישען אויפטו פון דער נייער צייט, וואס האָט געזאָלט געבען דער מענשהייט אויף

דער וועלטביהנע איהר דראמא: דעם אָנפאַנג, די ענטוויקלונג און דעם אויסגאַנג פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, קלאָר ווי אין א שפּיעגעל פאר די אויגען, — וואס איז שייך דערצו, איז מארקס געווען דער פּערפאסער און לאסאל דער פּאָרשטעלער. קיין סופּ־ליאָר איז צווישען זיי ביידען ניט געווען מעגליך און אויך ניט דענקבאר. שפּעטער, ווען אין לאַסאל'ס שיך זיינען געווען די פיס פון קלענערע מארקס־מענער, האָט זיך צייטענווייז שוין געזעהן א סופליאָר־קעסטעל אויף דער ביהנע און עס האָט זיך געהערט דער שטילער קול פון פריעדריך ענגעלס אין אַנדערע, ערפילענדיג די אויפגאבע פון „פּראָמפּטערס“.

ווען לאַסאל האָט זיין גרויסע אגיטאַציע אָנגעהויבען איז מארקס — ווי מיר וועלען שפּעטער זעהן — שוין געווען אָבגע־שטאַנען פון איהם. לאַסאַל אָבער האָט אָפען אנערקענט, אז דער יסוד פון זיין סאָציאַל־עקאָנאָמישע לעהרע איז געלעגט געווארען פון מארקס, און אין דעם פּרט האָט ער זיך געהאלטען פאר א שי־לער פון מארקס. ער האָט, אויף דעם אופן, אויפגעפיהרט אויף דער וועלטביהנע מארקס'עס ווערק און עס איז זיין גרויסער פער־דיענסט, וואס טויזענדער, און דורך זיי, צעהנדליג טויזענדער און שפּעטער הונדערט טויזענדער און מיליאָנען פּראָלעטאַריער האָ־בען געלעזען אפילו מארקס'עס פּאָפּולערסטע ארבייט, דאָס „קאָ־מוניסטישע מאַניפעסט“ און וואס דער צורוף: „ארבייטער פון אלע לענדער פעראייניגט זיך!“ איז געווארען דער לאָזונג פון דער וועלט'ס פּראָלעטאַריאַט, — וואס דאָס איז אזוי געווארען אזוי שנעל: געווארען וואלט עס מסתמא סאי ווי סאי.

דערווייל איז פערגאַנגען מעהר ווי א האלבער יאהרהונדערט זינט לאסאל איז געשטארבען און מעהר ווי א דריטעל יאהרהונ־דערט זינט מארקס איז אויסגעמעקט געווארען פון דעם ספר החיים. און וואס האָט פּאסירט?

לאָסאל האָט געלאָזען לאסאלעאַנער — זיי זיינען שוין לאַנג מעהר ניטאָ. זיי זיינען ניטאָ, ווייל עס איז שוין ניטאָ, און עס איז אין גרונד גענומען קיינמאָל ניט געווען קיין וויסענשאפטליכער לאסאליזם. געבליבען איז לאַסאל'ס סאָציאלדעמאָקראטישע טאַק־טיק, ווייטער גאָר נישט, הגם דאָס איז א שעהן ביסעל: אויב

ניט דער ציעל, איז דאָס יעדענפאלס דער וועג, דער מאַרשרוט, לאַסאַל'ס מאַרשרוט.

מאַרקס האָט געלאָזען מאַרקסיסטען. אין 1883 זיינען זיי געווען א קליינער הייפעלע, אויב מען האלט אין אויג, אז ניט יעדער איז געווען א מאַרקסיסט וואס האָט זיך גערופען סאָציאַליסט אין יענע, אפילו היינטיגע צייטען און האָט געשטיצט דעם פּאַרטיי־טיקעט. היינט זיינען זיי מיליאָנען איבער דער גאנצער וועלט, צי זיי האָבען געלייענט „דאָס קאפּיטאַל" אין'ם אָריגינאַל, אדער ניט.

לאַסאַל'ס בראָשורען ווערען, געוויס, היינט נאָך געלייענט אין אַלע שפּראַכען, אָבער די נשמה אין זיי איז א מאַרקסיסטישע. לאַסאַל'ס לעבענסארבייט איז געווען צו־ענד ווען ער איז געשטאָרבען. מאַרקס'עס האָט זיך נאָך זיין טויט ערשט אָנגעהויבען. ווערנער זאָמבאַרט האָט ריכטיג בעמערקט, אז מאַרקס'עס וואוּנס האָט זיך אָנגעפאַנגען ערשט נאָך זיין טויט.

די גרעסטע אַגיטאַציאָנס־שריפט מוז פריהער אָדער שפּעטער אַלט ווערען און ארויסקומען „פון דער מאָדע", ד. ה. ווערען אָבגעניצט, ניט מעהר צייט־מעסיג, ניט מעהר פּאַסיג פאַר די פּערהעלטניסע.

און דער אַגיטאַטאָר, אפילו דער גרעסטער, מוז, ווי דער שוישפּיעלער, פריהער אדער שפּעטער אָבשטאַרבען. אויב ער לעבט, לעבט ער אויף אַזוי ווייט, ווי עס איז דאָ קונסט, ליטעראַטור און אויביגער שטאַלין אין זיין אַגיטאַציאָנס־ארבייט. די אידעע, די טהעאָריע, וועלכע ער האָט געפּרעדיגט איבערלעבט דעם אַגיטאַטאָר, א שטייגער ווי שעקספּיער'ס „האַמלעט", וואס וואלט לאַנג געבליעבען אונבעקאַנט, אדער וועניג בעקאַנט, אָהן אַזאַ'ן ארטיסט ווי גערריק (1716 ביז 1779), לעבט נאָך היינט, אפשר טאַקע דורך די קונסט פון דעם גרויסען שוישפּיעלער, אָבער גערריק אַליין איז שוין לאַנג פערגעסען.

האָט דאָך אָבער לאַסאַל אנדערע זאַכען געשריעבען? אָט דערצו קומען מיר איצט.

---

## 7

## דער וואוקס פאר'ן טויט און נאכדעם.

ווען מארקס איז געשטארבען איז נאך איהם געבליעבען דער ערשטער באנד „קאפיטאל", עטליכע בראשורען און זיין ערשטע קריטיק פון די פאליטישע עקאנאמיע. ביסלעכווייז זיינען זינט דעם יאהר 1883 ארויסגעקומען די צוויי אנדערע בענדער פון „קאפיטאל", די 4 בענדער „טהעאריען איבער דעם מעהרווערטה", די 3 בענדער נאכגעלאזענע שריפטען, מארקס'עס קאררעספאנדענץ מיט פריעדריך ענגעלס אין 4 בענדער, און איניגע קלענערע זאכען. אין דער ארויסגאבע פון די דאזיגע שריפטען האבען זיך מתעסק געווען פריעדריך ענגעלס („קאפיטאל" 2 און 3), קארל קאוטסקי (מעהרווערטה־טהעאריען), פראנץ מעהרינג (נאכלאס), אויגוסט בעבעל און עדוארד בערנשטיין (קאררעספאנדענץ).

די הויפט ארבייט פון מארקס איז, ווי מען זעהט, בעקאנט געווארען ערשט נאך זיין טויט.

כמעט אלץ, וואס איז ארויסגעקומען פון לאסאל'ס פעדער איז געווען געדרוקט ביים לעבען. די איינציגע וויכטיגע אויסנאהם איז, אזוי ווייט ווי מיר איז בעקאנט, דער באנד בריעף, געשריעבען צו מארקס און ענגעלס, ארום וועלכע מיר וועלען באלד רעדען. לאסאל'ס לעבענסווערק איז געווען פארטיג און אבגעשלאסען איידער ער איז געשטארבען אויף דעם אונגליקליכען דועל אין 1864.

בריעף פון לאסאל זיינען, איבריגענס, אויך ערשיענען נאך זיין טויט חוץ די נאר־וואס דערמאנטע צו מארקס — און אויך לאסאל'ס „טאגעבוך". פון די בריעף זיינע, האט בערנשטיין ארויסגעגעבען די, וואס לאסאל האט געשריעבען צו זיינע שוועסטער און עלטערן; אויך בריעף צו ראבערטוס, האנס בילאוו, צום דיכטער הערוועג און צו סאפיע סאלנצעווא (געשריעבען אין פראנצויזיש). א בעדייטענדען ווערטה פאר די געשיכטע פון דער סאציאלער בעוועגונג האבען, פון דעסטוועגען, בלויז יענע, וואס מעהרינג האט ארויסגעגעבען אין דעם אויבען־דערמאנטען באנד.

לאסאל'ס הויפט ארבייט איז בעשטאנען —

ערשטענס אין זיין „העראקליט", א פילאזאפיש ווערק וואס איז ערשיענען אין 1857 און זיין „סיסטעם דער ערווארבענען

רעכטע", געדרוקט פיער יאהר שפעטער, פאר דעם אנפאנג פון דער גרויסער אגיטאציע, און

צווייטענס, די פאליטיש־סאציאלע בראשורען, פארשטעלענדיג די גרויסע רעדעס, וואס ער האט געהאלטען אין פערשיעדענע צייטען. דאן זיין היסטארישע דראמא „פראנץ פאן זיקינגען".

די אלע, אפילו די בראשורען, זיינען געווען געדרוקט און ארויסגעגעבען (געפאבלישט) פאר זיין טויט. לאסאל האט געהאט א טבע צו לאזען דרוקען זיינע רעדעס, מאנכע פון זיי נאך איידער ער האט זיי געהאלטען.

הייסט עס, אז בעת מארקס איז בישלעכוויז נאך זיין טויט אויסגעוואקסען, איז לאסאל'ס לעבענסווערק געווען כמעט אין גאנצען פאר דער וועלט איידער ער האט צוגעמאכט זיינע אויגען.

און וואס איז דער רעזולטאט?

מאר ס'עס שריפטען האבען יעדע בעזונדער געהאלפען פערגרעסערן זיין גרויסען בנין, די, בעפעסטיגענדיג דעם פונדאמענט, יענע, ארויפלעגענדיג נויטיגע שינדלען אויפ'ן דאך, אן אנדערע צובויענדיג אפט א גאנץ נייעם פליגעל, א טויער, א קעלער, א צאהם.

לאסאל'ס האבען בלויז געהאלפען ארויסברענגען קלארער, דייטליכער, אויסגעפרעגטער זיין גרויסע פערזענליכקייט. וואס איז שייך צו די ביידע גרויסע ווערק „הערואקליט" און „דאס סיסטעם דער ערווארבענען רעכטע" זיינען זיי היינט בלויז בעקאנט ביים גרויסען עולם ווייל זיי זיינען לאסאל'ס שריפטען.

און דוקא דא האבען מיר א מעגליכקייט קלאר צו פערשטעהן דעם אונטערשיעד צווישען מארקס און לאסאל.

ווייל וויסען דארף מען, אז די ביידע הויפט ווערקע פון לאסאל האבען געמאכט א מורא'דיגען איינדרוק אין דער געלערנטער וועלט פון דייטשלאנד. לאסאל האט מיט אמאל געקראגען א „שטאט" אין דעם מזרח־וואנד פון דייטשלאנד'ס געלעהרטען־טעמפעל דורך זיין „הערואקליט" און אין 1861 איז ער דארטען געווארען א גאנצער תקיף דורך זיין „סיסטעם דער ערווארבענען רעכטע".

אבער די דאזיגע ווערק זיינען געווען מעהר צו ווייזען וואס ער קען, איידער צו גרינדען א „שולע" צו מאכען תלמידים און

נאָכפאָלגער, ווי דאָס מיט יעדע גרויסע וויסענשאַפטליך־ליטעראַרי־שע ערשיינונג.

אין מיינע קינדער יאָהרען, געדענק איך, האָב איך אין מיין פּאָטער׳ס הויז געפונען אַ „צפנת פענח", אַ העברעאישע אריפ־מעטיקע, געשריבען אין דעם סטיל פון בטלנים, וואָס שרייבען „תורה".

מיר איז דער ספר פאָרגעקומען כמעט קאָמיש און איין טאָג האָב איך געזאָגט צו מיין פאָטער, איך גלויב ניט, אַז אימיצער קען זיך פון דעם בוך אויסלערנען אַריפמעטיקע.

„דער מחבר האָט דאָס אויך ניט געגלויבט", האָט מיין פאָ־טער מיר שמייכלענדיג געענטפערט. „אַלץ וואָס ער איז אויסען געווען איז, אַז מען זאָל וויסען, וואָס פאַר אַ בעל־חשבון דער צפנת פענח איז געווען".

און אין אַ געוויסען זין איז דאָס דער פאַל ביי לאַסאַל׳ס גרויסע ווערקע.

לאַסאַל איז געווען בטבע ניט אַ בוך־מענש, נור איינער וואָס האָט אי דעם וואונש, אי די ענערגיע, אי די גייסטיגע כוחות צו ווערען מעכטיג, גרויס, אַ פיהרער פון מענשען. אַלץ וואָס ער האָט געטאָן ביז ער האָט אויפגעהויבען די רויטע פאָהן אין זיין „קעמפיין" פאַר דעם דייטשען פּראָלעטאַריאַט אין 1862 איז גע־ווען כדי צו ווייזען דעם עולם וואָס ער איז, און וואָס ער קען. דעם כאַראַקטער האָט געבראַכט זיין אכט־יאָהריגער קאַמף פאַר די גרעפין האַצפעלד; זיין איבעררעשען די געלעהרטע וועלט מיט דעם „העראַקליט", אַ ווערק, וואָס איז פאַר אַ סך מענשען געווען אַ וואונדער; זיין שפּיעלען אַ פּאָליטישע פּאַרטיע שאַך מיט דעם גרויסען ביסמאַרק און אפילו זיין „סיסטעם דער ערוואָר־בענען רעכטע".

דער איד, דער רעוואָלוציאָנערער איד און דערצו נאָך אין רעאַקציאָנערע צייטען, ווען ער האָט אין בערלין ניט געטאָרט וואוינען, האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו בעזיעגען אַלע שטע־רונגען, איינצוברעכען אַלע ראָגאַטקעס, צו שווימען, דערשווימען־דיג, געגען דעם מעכטיגען שטראָם פון פּרייסישע פּאַראָורטהיילע און פּרייסישען יונקער־שטאָלץ, און ביז צו אַ געוויסען גראַד האָט זיך איהם דאָס איינגעגעבען.

אַלץ וואס ער האָט אויפגעטאָן, איז דערפאר געווען א מי־טעל צום צוועק. זיי ווייזען ווער איך בין — **זיי**, די פערדאמטע פיליסטער! איז געווען זיין מאָטטאָ.

און ער האָט געוויעזען, אָבער **זיינע ווערק זיינען** דאָס, ווי זיי זיינען דאָ כאראקטעריזירט געווארען.

בעת מעשה איז מארקס געזעסען אין לאָנדאָן און האָט גע־שריעבען, זיך ניט קימערענדיג וועגען דעם וואס די גרויסע, די געלעהרטע וועלען פון זיין ארבייט דענקען. ער האָט געבויט, לעגענדיג א ציגעל אויף ז' ציגעל, איבערלאָזענדיג פאר אנדערע, ספעציעל פאר זיין פריינד ענגעלס צו קאָנטשענען די ארבייט, געברויכענדיג זיין — מארקס'עס — מאטערי.

און דער רעזולטאט? זיין ווערק האָט איהם אריבערגעלעבט, וועהרענד לאסאל האָט כמעט אריבערגעלעבט זיין ווערק, הגם ער איז געשטארבען 39 יאָהר אלט.

---

8

## זייערע בריעף.

ביז איצט האָבען מיר גערעדט וועגען **מארקס און לאסאל** ענטוועדער זיי פערגלייכענדיג איינעם מיט דעם אנדערען, אדער אָבשעצענדיג דעם ווערטה פון יעדערן בעזונדער פאר די בעווע־גונג.

וואס מיר האָבען איצט צו טאָן, איז צו שילדערן, ארויסבאַ־פענדיג איינציגע עפיזאָדען, זייער פערהעלטניסע, זייער גייסטיגע פערבינדונג. איך זאָג: איינציגע עפיזאָדען, ווייל דאָס צו טאָן גרינדליך וואלט מען דארפען שרייבען א בוך, ווי עס וועט באלד קלאָר ווערען פון דאָס, וואס קומט.

און דאָס איז ניט שווער. ווי אזוי מארקס האָט זיך געהאל־טען צו זיין איינגערן חבר, און פערקעהרט, דארפען מיר ניט פרעגען ערגיץ א דריטע פערזאָן, וואס האָט געקענט שטעהן נאָהנט צו ביידען. דערצו האָבען מיר די בריעף פון לאסאל צו מארקס, וועלכע מעהרינג האָט ארויסגעגעבען — מיט מייסטערהאפטע ער־קלערונגען — אין דעם יאָהר 1902. די בריעף זיינען 75 אין צאָהל און ציעהען זיך דורך 13 יאהר, פון 1849 ביז 1862.

די דאָזיגע בריעף וואָלטען נאָך גיהאט א גרעסערע בעדייטונג ווי זיי האָבען איצט פאר אונז ווען מיר וואָלטען געהאט ניט בלויז אלץ וואס לאסאל האָט אין יענע יאָהרען געשריעבען צו מארקס'ען, נור אויך מארקס'עס בריעף צו לאסאל'ען. צום אונגליק זיינען זיי בעהאלטען ערגיצוואו ביי דער דייטשער רעגיערונג, אָדער ביי פערזאנען, וואס שטעהען ניט וויט פון איהר. געקומען איז דאָס אויף דעם פאלגענדען אופן:

די גרעפין האצפעלד, פאר וועלכע לאסאל האָט געקעמפפט אין די געריכטען גאנצע אכט יאָהר געגען איהר טיראנישען מאן, האָט איבערגענומען אלע זיינע איבערגעלאָזענע פאפיערען נאָך זיין טויט. די גרעפין, מיט צוואנציג יאָהר עלטער פאר איהם, איז אויך ניט לאַנג געבליעבען אויף דער וועלט און איהר ליטערארישער אוצר איז אריבערגעגאנגען אין די הענד פון איהר זוהן. דיעזער, גראף האצפעלד, איז אין אנהויב געווען ראדיקאל, איז אָבער נאָך לאסאל'ס טויט אוועק דעם וועג פון אלע גראפען און איז דערגאנגען ביז די העכסטע מדרגה פון א דייטשען אמבאסאדאר אין ענגלאנד. איצט איז ער, דאכט זיך, אויך טויט, און לאסאל'ס ליטעראַרישע ירושה, דארונטער דער פּאַק בריעף פון מארקס'ען, איז ביז היינטיגען טאג בעהאלטען אין אן אָרט ערגיצוואו, פון וואַנען די רעוואָלוציע אליין וועט ווען עס איז אַרויסראַטעווען.

דערפאר האָבען מיר בלויז איין צד פון א קאָררעספּאָנדענץ, וועלכע איז דער וויכטיגסטער לעבעדיגער דאָקומענט פון דער געשיכטע פון אונזער בעוועגונג, אין דער בעסטער שליסעל צו דער פסיכאָלאָגיע פון די ביידע גענעראל־זיילען פון דעם מאָדערנעם סאָציאליזם. א סך לערנען מיר פון דעסטוועגען פון דעם איין צד אויך, ד. ה., פון לאסאל'ס בריעף צו מארקס'ען, וועלכע מארקס האָט אונז געלאָזען בירושה ווען ער איז אוועק פון דער וועלט. די בריעף זיינען צונויפגעקליעבען און צונויפגעשטעלט געווארען פון ענגעלס און מארקס'עס אינגסטע טאָכטער עלעאָנאָרע. ארויס־געגעבען האָט זיי שפּעטער פראנץ מעהרינג, ווי די לעזער ווייסען שוין.

ערשט מיט עטליכע יאָהר צוריק (אינ'ם זומער פון 1913) זיינען בעקאנט געווארען צוויי בריעף, וואס מארקס האָט געשריע־בען צו לאסאל'ען. די דאָזיגע בריעף האָט גוסטאוו מאיער, דער

מחבר פון „סאָציאַלע בעוועגונגען און טהעאָריען אין'ם 19טען יאָהרהונדערט", געפונען אין א מאנוסקריפטען־זאַמלונג אין בערלין.ביידע קומען פון ענגלאַנד. זיי זיינען דאַטירט: דער ערשטער, לאָנדאָן, דעם 28טען יולי, דער צווייטער — מאַנטשעסטער, דעם 8טען נאָוועמבער 1855.

צו די צוויי בריעף וועלען מיר אפשר נאָך צוריקקומען. דאָ בעט זיך אָן איינלייטונג פאַר דעם לעזער צו דעם באַנד, וואָס מעהרינג האָט אַרויסגעגעבען, כדי קלאָרער צו פערשטעהן ווי אַזוי די קאָררעספּאָנדענץ האָט זיך אָנגעהויבען. דאָס וועלען מיר נור קענען געבען אין עטליכע קורצע ווערטער:

נאָך דער רעוואָלוציע פון 1848 איז באַלד געקומען די קאָנטר־רעוואָלוציע, מיט דער שרעקליכער רעאַקציע, פון וועלכע אונזערע לעזער קענען זיך מאַכען א בעגריף, זיך דערמאָנענדיג אָן די סטאָליפּין־הערשאַפט נאָך די ערשטע רוסישע רעוואָלוציע פון 1905.

אין יענער צייט זיינען אַרעסטירט געוואָרען אין קעלן (פּרייסען) מאַרקס, שאַפּער און שניידער; אין דיסעלדאָרף (אויך אין פּרייסען) לאַסאַל, קאַנטאַדאָר און וועייערס, אָן אַרבייטער. די ערשטע דריי האָט מען פריינעשפּראָכען און פריינעלאָזען, לאַסאַל'ס מיט־אַרעסטאַנטען אויך, איהם אַליין אָבער האָט מען גע־געבען זעקס חדשים טורמע.

א קורצע צייט שפּעטער איז מאַרקס, צוזאַמען מיט ענגעלס, ווילהעלם וואָלף (וועמען מאַרקס ווידמעט זיין ערשטען באַנד „קאַפּיטאַל"; וואָלף ווערט אין די בריעף פון מאַרקס און ענגעלס אָפט דערמאָנט אַלס „לופּוס": וואָלף אין לאַטיין) דער דיכטער פרייליגראַטה און אַנדערע, אויסגעוואַנדערט קיין ענגלאַנד. לאַסאַל אָבער איז קיינמאָל אויף לאַנג ניט אוועקגעפאָהרען פון דייטשלאַנד.

---

9

## די שיידונג.

איך וועל קיינמאָל ניט פערגעסען דעם ערשטען איינדרוק, וואָס אויף מיר האָט געמאַכט מאַרקס'עס בעמערקונג וועגען לאַסאַל אין דער הקדמה צום ערשטען באַנד פון זיין „קאַפּיטאַל".

דאָס איז געווען אין 1877 אין קעניגסבערג (פּרייסען). חוץ דעם „18 ברומעיר" און א פּאָר קליינינקייטען האָב איך פון מאַרקס'ען גאָר נישט געהאַט געליענט. מיין הארץ און מיין מח זיינען געווען פול מיט לאַסאַל — זיין לעבען, זיין ליעבע, זיין ווירקען און זיין טויט — און אלץ, וואס איך האָב געקראָגען צו לעזען פון איהם און וועגען איהם האָב איך ממש פערשלונגען. ער איז געווען מיין העלד, מיין גרויסער העלד, און דערביי איז אין פאָלק נאָך געווען פריש זיין אָנדענקען: ער איז ערשט געווען 13 יאהר טויט. איך בין שטענדיג געווען אין קרייזען פון לאַסאַלעאַנער, ד. ה., ברענענדיגע חסידים פון דעם גרויסען פיהרער און איך האָב איהם לײדענשאַפטליך געליעבט — יע, געליעבט, אין דעם פולען זין פון דעם וואָרט, מיט'ן גאַנצען הארצען.

און מיט אמאָל, ביי דער ערשטער בעקאַנטשאַפט מיט מאַרקס'עס גרויסען ווערק, דערזעה איך גלייך אויף דעם ערשטען בלאַט א בעשולדיגונג, אז „פ. לאַסאַל" האָט איהם, מאַרקס'ען, בע'גנב'עט, נעהמענדיג זיינע עקאָנאָמישע לעהרען מיט די ווערטער, מיט אלעמען און ניט זאָגענדיג פון וואַנען ער האָט דאָס גענומען. נאַטירליך, איז דאָס עדעל אויסגעדריקט און מאַרקס ענטשולדיגט איהם, כלומר'שט, דערמיט, וואס דאָס האָט מסתמא געמאַכט נויטיג די אַגיטאַציע און אזוי ווייטער. אָבער מיר האָט גענומען יאָהרען איבערצוקומען דעם ערשטען „שאָק" און צו בעזיגען אין זיך דעם פּאָראורטהייל געגען דעם גרויסען רבי'ן אונזערן אלס א מענש. דערמיט, פאַרבייגעהענדיג, ערקלערט זיך, וואס מיר האָט זיך ניט געוועלט געהן זעהן מאַרקס'ען אין די פיער יאָהר וואס איך האָב געהאַט צוגעבראַכט אין ענגלאַנד איידער ער איז געשטאָרבען. מאַרקס האָט יענע פיער יאָהר ניט בלויז געלעבט אין לאָנדאָן א גרויסען טהייל יעדען יאָהר, נור ער האָט כסדר געהאַט בעזוכער פון אונזער קאָלאָניע אין זיין הויז.

אנקעגען וואס דערצעהל איך דאָס?

נו, כדי ארויסצוברענגען דעם פאַקט, אז אין יענע צייטען און עטליכע יאָהר שפּעטער, האָט מען גערעדט וועגען לאַסאַל און מאַרקס כמעט שטענדיג אלס שונאים, בעת אין אמת'ן איז קיין שנאה צווישען זיי קיינמאָל ניט געווען. ווי מיר וועלען באלד זעהן, זיינען זיי יאָהרענלאַנג געווען אינטימע פריינד. לאַסאַל האָט

בעטראַכט מאַרקס'ען מיט אַ געוויסען גראַד פון בושה, ווי מען
האָט פאַר אַן עלטערן (אין יאָהרען און אין תורה), האָט איהם
געהאָלפען אין יעדער בעציהונג, אָפט מיט געלד. לאַסאַל איז בדרך
כלל געגאַנגען אין מאַרקס'עס וועגען, הגם אימער זעלבסטשטענדיג,
קיינמאָל ניט בלינד פאָלגענדיג, קיינמאָל ניט אונטערדריקענדיג
זיין אייגענע מיינונג, אויף אַ רגע ניט פערגעסענדיג זיין אייגע־
נעם ווערטה, און, אלס פּראַקטישער טוער, זיך שטענדיג האַלטענדיג
פאַר דעם וויכטיגערן פוןביידע.

און דאָס גופא, וואָס ער איז געבליעבען אין דער היים, אויף
דער וואַך, כסדר זיך בעשעפטיגענדיג אלס פיהרער, וועגווייזער,
לעהרער מיט די דייטשע ראַדיקאַלע אַרבייטער, איבערהויפּט די
פערפאָלגטע יונגע תלמידים פון מאַרקס'עס חדר; אָפט זיי האַל־
טענדיג ביי זיך, אין זיין הויז, זיי שיצענדיג געגען די פּאָליציי, —
דאָס גופא האָט געגעבען לאַסאַל'ען דעם געפיהל, אז איצט, ווען
זיינע עלטערע חברים זיינען מעהר ניטאָ אין דייטשלאַנד, איז ער
דער „הויפּט" פון דער פּאַרטיי (אונבעדייטענד ווי זי איז דאַמאַלס
געווען לגבי די שפּעטערדיגע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וועלכע ער
אַליין האָט געגרינדעט) און, אויף דעם אופן, וואָס מען וואָלט רו־
פען אַ מענש, אַ גאַנצער מענש, וואָס שטעהט אויף די אייגענע
פיס און הערט אַן עצה, אָבער לאָזט זיך ניט זאָגען קיין דעה.

און ווען איהר לייענט זיינע בריעף צו מאַרקס'ען זעהט איהר
בחוש ווי לאַסאַל וואַקסט אויס, וואַקסט אַריבער אלס פּראַקטיקער
ניט בלויז מענשען ווי ענגעלס, וואָלף (וועלכער, לאָמיך דאָ בע־
מערקען, איז געשטאַרבען מיט אַ האַלב יאָהר פריהער ווי לאַסאַל)
און די אַנדערע, נור אפילו דעם רבי'ן אַליין; איהר זעהט ווי ער
וואַקסט פון יאָהר צו יאָהר און ווערט אַלץ מעהר און מעהר אונ־
אָבהענגיג, זעלבסטשטענדיג, אַ פיהרער אויף „זיין אייגענע רעכ־
נונג און געפאַהר", ווי די סוחרים זאָגען.

און דאַן זעהט איהר, ווי די צוויי חברים געהען זיך ביסלעכ־
ווייז מעהר און מעהר פאַנאַנדער, אַלץ מעהר, וואָס גרעסער עס
ווערט די שיידונג צווישען זיי; וואָס מעהר, וויל איך זאָגען, דער
איינגערער חבר געהט זיין אייגענעם גאַנג, אין זיינע אייגענע וועג־
גען, געגען דעם ווילען פון דעם עלטערן.

איהר זעהט אַזאַ פערהעלטניס זעהר אָפט אין דעם טעג־

ליבען לעבען. יעדער פון די לעזער האָט דאָס געוויס געזעהן ווען ניט אליין דורכגעלעבט. יעדער ראש ישיבה דערלעבט דאָס מיט דעם גאונישען ישיבה בחור, וואס איז ארויס פון יענעם'ס רשות, און איז געווארען א מענש פאר זיך, אמאָל א גרעסערער הריף ווי דער אמאָליגער רבי. און דאָס ווערט לאַנגזאַם, טריט ביי טריט, גאנץ אונבעמערקבאר. און דער ראש ישיבה קען פשיט ניט פערשטעהן וואס דאָ טוט זיך. חיים'קע איז א ר' חיים, און מעניטען האלטען איהם פאר א גאַנצען „סאַם־כאַזיאַאין” און דער געוועזענער תלמיד איז גאָר הולק אויפ'ן רבי'ן, איז מתיר, וואס יענער אסר'ט, מאַכט כשר וואס ביין אלטען איז טריף... און דאכט זיך ווי לאַנג צוריק האָט ער זיך איינגעשטעלט ווען דער רבי איז אריינגעקומען!

אָט דאָס, און ניט מעהר ווי דאָס, האָט פאסירט צווישען קארל מארקס און דעם אינגערן פערדינאַנד לאַסאַל. קיין אָפענע מחלוקת (און ווער רעדט: שנאה!) איז צווישען זיי קיינמאָל ניט געווען. זיי זיינען קיינמאָל ניט געווארען שונאים איינער דעם אנדערן. און 1862, לאַסאַל אין דייטשלאַנד און זעהר „ביזי” אין דער אגיטאַציע און אין געריכטען מיט אלערליי פראָצעסען איהם העגגענדיג איבערן קאָפ, מארקס דאַגעגען אין לאָנדאָן, ארבייטענדיג און קעמפפענדיג מיט דעם ביטערן דלות, זיינען זיי זיך איינפאך פאנאנדערגעגאנגען. דאָס איז אלעס.

אין דעם פאנאנדערגעהן האָט געשפיעלט א ראָלע פריעדריך ענגעלס, וועלכער האָט ניט גערן געזעהן ארום זיין מארקס'ען קיין אנדערן, וואס זאל זיין זעהר „אינטים” מיט איהם. עס איז דאָ פיעל צו רעדען וועגען דעם פערהעלטניס פון ענגעלס צו מארקס'ען, אָבער דאָ וועט גענוג זיין צו זאגען, אז ענגעלס האָט אין אלצדינג געשטימט מיט מארקס'ען, ווייל ער האָט געדענקט מיט מארקס'עס מח און האָט סתם ניט געהאט פיעל אייגענעם. ער האָט דערפאר געפיהלט לאַסאַל'ס ארויסגעהן אין זיין אייגענעם רשות ווי א זינד נעגען מארקס'ען און האָט אפשר געהאָלפען די צוויי גרויסע מענער זיך שיידען.

איך וויים, פיעלע ווע‍לען זעהן אין מיינע ווערטער וועגען ענגעלס'ען אפיקורסות. דער ענגעלס־קולטוס איז אלע מאָל געווען אביסעלע קאָמיש; קיינער האָט דאָס

ניט פערשטאַנען בעסער ווי ענגעלס אַליין, — ער, טאַקע ניט קיין גרויסער מאַן; ניט אַ מאַן פון מאַרקס'עס „סאַיז און נאַמבער", אָבער אַ גרינדליכער, בעשטיידענער מאַן, וואס האָט פון זיך קיינמאָל ניט געבלאָזען און האָט קיינמאָל ניט פּרעטענדירט צו זיין עפּעס מעהר ווי מאַרקס'עס אינטימסטער פריינד, ער האָט זיין פריינד פערשטאַנען פריהער, גרינדליכער און בעסער ווי אַ סך אַנדערע און דאָס איז אַליין שוין זעהר פיעל.

10

## אַ האַסטיגער בליק אין היסטאָרישע בריעף.

און איצט, קומענדיג צו לאַסאַל'ס קאָררעספּאָנדענץ מיט מאַרקס'ען, וועט ניט נויטיג זיין צו פערקריעכען אין זעהר ווייטע דרכים, אויב מיר זאָלען ניט ארויסגעהן פון דער ראהמקע פון אַ קורצע בעהאַנדלונג. אַ קורצער איבערבליק איז אַלץ, וואָס דער לעזער קען ערוואַרטען.

לאַסאַל'ס ערשטע צוויי בריעף זיינען דאַטירט: דיסעלדאָרף דעם 28טען פעברואר און 26 טען מערץ 1849. ער האָט געמעגט שרייבען דיסעלדאָרפער געפענגניס, וויל דאָרטען אין אָסטראָג איז ער דאַן געזעסען. דאָס איז די צייט, ארום וועלכע מיר האָבען פריהער גערעדט.

דער אינהאַלט פון דיעזע צוויי בריעף איז כמעט אין גאַנצען פערנומען מיט דעם פּראָצעס, וויל דאָס איז לאַסאַל געזעסען אין „אונטערזוכונגס־האַפט" איידער עס איז געקומען צו דער פּראָ־צעס־פערהאַנדלונג (צום טריעל) אין געריכט.

אין דעם דריטען בריעף (פון אָקטאָבער דעם 24טען 1849) קומט פאַר אַ שטעלע, וואס טראָגט אין זיך דעם שטעמפּעל פון זיין שפּעטערען פּראָגראַם פאַר די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און איז דערפאַר מעהר ווי אינטערעסאַנט.

ער רעדט וועגען דעם אויפשטאַנד און דעם דורכפאַל אין אונ־גאַרן. ער בעהויפּטעט, אַז שולדיג איז דאָרטען געוועזען אין דעם די נאַציאָנאַלע פּאַרטיי. דערפון און פון די פאַסירונגען אין דייטש־לאַנד אין 1848 און 1849 האָט ער ביי זיך פעסט בעשלאָסען, אַז קיין קאַמפּף אין אייראָפּאַ וועט ניט זיעגען „סאַידען ער איז פון

אָנהויב אָן אויסגעשפּראָכענער א ר י י ן ס אָ צ י א ל י ס ט י־ ש ע ר..." די לעצטע צוויי ווערטער זיינען אין אריגינאל אויך אונטערגעשטריכען. „אַרבייט אָדער טויט!" זאָגט ער ווייטער, דאַרף זיין די פּאַראָלע, ווי אין יוני 1848.

דעם 7טען יוני 1850 שרייבט ער א זעהר אינהאַלטסרייכען בריעף צו פרוי מאַרקס, מיט וועלכער ער שיינט צו האָבען קאָררעס־פּאָנדירט רעגעלמעסיג אין יענער צייט. דער בריעף צו פרוי מאַרקס איז, ווי עס ווייזט אויס, אָן ענטפער אויף איהרען. צום שלום „פּראָטעסטירט ער פייערליך" געגען דעם, אז זי זאָל אפשר מיט איהם ניט דירעקט קאָררעספּאָנדירען, אויב מאַרקס אליין שרייבט צו איהם. „דאָס, זאָגט ער, וואלט געווען א צו טייערער פּרייז, א פ י ע ל צו טייערער פּרייז פאר מיר צו צאָהלען פאר מאַרקס'עס בריעף."

מיט פרוי מאַרקס האָט ער שפּעטער אויך קאָררעספּאָנדירט. אין 1853, ווען מאַרקסעס בראָשורע: „ענטהילונגען איבער דעם קעלנער קאָמוניסטען־פּראָצעס", אין וועלכען ער און ענגעלס זיי־נען ניט געווען פערוויקעלט, ווייל זיי זיינען שוין געווען אין לאָנ־דאָן, האָט לאַסאַל צו פרוי מאַרקס געשריעבען זעקס בריעף, וועל־כע געפינען זיך אין דער זאַמלונג. די בריעף זיינען זעהר פריינד־ליך, אָבער האָבען א ביזנעס־כאַראַקטער. לאַסאַל שרייבט דאָר־טען וועגען דעם ווי אזוי צו פיהרען מאַרקס'עס שריפט איבערן גרעניץ, אויסמיידענדיג די פּרייסישע פּאָליציי.

און גענוי אזוי פריינדליך ווי עס זיינען געווען די בעציהונ־גען פון לאַסאַל צו פרוי מאַרקס, זיינען אויך געווען מאַרקס'עס בעציהונגען צו דער גרעפין האַצפעלד, וועלכע לאַסאַל פלעגט רו־פען „מוטער" און וועלכע איז דאָס צו איהם טאַקע געווען ביז זיין טויט און נאָכדעם. מאַרקס האָט מיט דער גרעפין נאָך קאָר־רעספּאָנדירט אין 1862, ווי מען זעהט פון לאַסאַל'ס לעצטע ווער־טער צו מאַרקס'ען.

לאַסאַל'ס קאָררעספּאָנדענץ מיט מאַרקס'ען נעהמט ארום אלע מעגליכע פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און וויסענשאַפטליכע פראַגען. ער דיסקוטירט מיט דעם עלטערן חבר אפילו פּערזענליכע פראַגען. ער איז כסדר מאַרקס'עס אגענט אין דייטשלאַנד, זיין פערוואַלטער, זיין פּאָבלישער — אין דעם פאַל פון מאַרקס'עס ערשטען ווערק

איבער פּאָליטישע עקאָנאָמיע — זיין וועקער און אויפמונטערער און זיין פערעהרער.

די לעצטע בריעף זיינען אייגענטליך בלויז קארטען, ווייל לאַסאַל איז דאן (אין 1862) געווען אין לאָנדאָן. דאָס איז געווען איידער ער האָט זיך אריינגעוואָרפען אין די גרויסע בעוועגונג, צו וועלכער ער האָט איינגעלאדען מארקס׳ען, אָבער מארקס האָט ניט געוועלט „מיט מאכען״. אין א בריעף צו שווייצערן (לאַסאַל׳ס נאכפאָלגער) אין 1868, פיער יאָהר נאָך לאַסאַל׳ס טויט, זאָגט מארקס וועגען לאַסאַל׳ס אגיטאציע פון 1863-1864, שטארק קריטיזירענדיג וואס ער רופט לאַסאַל׳ס געמאכטע פעהלערן: „נאָך א 15 יאָהריגען שלאָף האָט לאַסאַל אויפגעוועקט די ארבייטער־בעוועגונג אין דייטשלאַנד און דאָס בלייבט זיין — לאַסאַל׳ס — אונשטערבליכער פערדיענסט.״

---

פיעל וואָלט מען קענען ציטירען פון דעם בריעף־וועכסעל, אָבער דער פּלאַץ דערצו וואלט זיין אין א ביאָגראפיע פון לאַסאַל. לאָמיך דאָ נור בעמערקען, אז בעת לאַסאַל שרייבט צו ענגעלס׳ען צערעמאָניעל „זי״, איהם איהרצענדיג, איז ער מיט מארקס׳ען די גאַנצע צייט פּער דו.

איך האָב אויבען געזאָגט, אז פון מארקס׳עס בריעף צו לאַ־סאַל׳ען זיינען מיט עטליכע יאָהר צוריק געפונען געווארען צוויי. צו געבען אונזערע לעזער א בעגריף פון זייער האָררעספּאָנדענץ, וועל איך דאָ איבערגעבען (שטעלענווייז) איינעם פון מארקס׳עס צוויי בריעף און לאַסאַל׳ס ענטפער; די פּינטעלעך בעטייטען אי־בערגעהיפּטע שורות.

## מאַרקס צו לאַסאַל.

„28 יולי 1855 — 28 דיען סטריט, סאָוהאָ, לאָנדאָן.

„ליעבער לאַסאַל!

„איך בין אין די לעצטע איינינע וואכען אין א קאָטטעדזש „אויפ׳ן לאַנד... איך בין נאַמירליך איבערראשט צו געפינען, אז „דו ביסט אַזוי נאָהנט צו לאָנדאָן (לאַסאַל איז געווען אין פּאריז) „און דענקסט גאָר ניט אַפּילו אריבערצוקומען צו אונז אויף עטליכע „טעג. איך האָף דו וועסט א טראכט טאָן וועגען דעם און דאן

„ווערסטו ענטדעקען ווי קורץ און וואָלוועל די רייזע איז פון פּאַריז
„קיין לאָנדאָן. וואָלטען פראַנקרייך'ס טויערען ניט געווען אזוי
„פעסט פערשלאָסען פאַר מיר, וואָלט איך דיר געמאַכט די איבער־
„ראשונג און וואָלט געקומען צו דיר קיין פאַריז... דער טויט
„פון מיין קינד האָט מיר מיין האַרץ און מיין מח צוטומעלט און
„איך פיהל דעם פערלוסט נאָך אזוי פריש, ווי דעם ערשטען טאָג.
„מיין ארימע פרוי איז אויך אין גאַנצען געבראָכען.
„טאָמער זעהסטו (היינריך) היינע ווידער, לאָז איהם גריסען
„פון מיר.

„דיין קאַרל מארקס."

## לאסאל צו מאַרקס.

„דיסעלדאָרף, דעם 24טען סעפּט. 1855.
„ליעבער מארקס!
„דיין פריינדליכען בריעף, מיט דער האַרציגער איינלאַדונג
„צו דיר צו קומען, איז מיר אָנגעקומען אין פאַריז. איך בין גע־
„ווען פעסט ענטשלאָסען דיך צו פאַלגען און צו קומען קיין לאָנדאָן
„אויף א פּאָר טעג.... האָב איך אָבער נעקראָגען בריעף פון דער גרע־
„פין (האַצפעלד) און איך האָב געמוזט צוריקפאָהרען קיין דייטש־
„לאַנד פריהער ווי איך האָב ערוואַרטעט.... נעקסטען יולי — דאָס
„איז ביי מיר פעסט בעשלאָסען — נעהם איך די ים־בעדער אין
„אָסטענד און דאַן שפּריץ איך אַריבער צו דיר.
„ביי אונז זיינען די צייטען שלעכט. דער יקרות איז גרויס
„און האַלט אין איין שטייגען. דערפון, אז דעם אַרבייטער'ס
„ווירדזישעס זאָלען העכער ווערען איז, דאַגעגען, גאָר נישט צו
„הערען."......
„איך גריס פיעל מאָל און הערצליך דיין פרוי און אַלע מיינע
„לאָנדאָנער פריינד.

„דיין פ. לאסאל."

דאָ מוזען מיר זיך אָבשטעלען.

ניו יארק, 1 אַפּריל, 1918.

יצחק אייזיק הורוויטש

# דיא עקאָנאָמישע לעהרע פון קאַרל מאַרקס.

## 1. דער געשיכטליכער מאַטעריאַליזם.

צו יעדער צייט זיינען בּאַראַן אין דער וועלט אַ פולע עלוּיים: געלערנטע, פּאָעטען, גלאַט שרייבער, פּאָליטיקער, רעוואָלוציאָנערען, אינזשענערען, געשעפטס־לייט, אַ. אַז. וו. אָבער אמת'ע גאונים, געניאַלע קעפּ, ווערען געבּאָרען ניט מעהר ווי עטליכע אין אַ יאָהרהונדערט. די צוויי גרעסטע מענשען וואָס האָבען אויף דער וועלט געהאַט דעם גרעסטען איינפלוס אין דער צווייטער העלפט פון דעם ניינצענטען יאָהרהונדערט זיינען געוועזען טשאַרלז דאַרווין און קאַרל מאַרקס. ביידע האָבען צו דער זעלבער צייט אַריינגעבּראַכט אין דעם שכל פון דער וועלט דעם זעלבּיגען געדאַנק: דאָס די וועלט ענטוויקעלט זיך. מען רופט דאָס די „עוואָלוציאָן”. יעדער האָט אויסגעאַרבייט זיין געדאַנק, ניט וויסענדיג פון דעם אַנדערען. קאַרל מאַרקס'עס „מאַניפעסט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי” איז ערשיענען כּמעט צעהן יאָהר פריהער פאַר דאַרווין'ס ערשטען בּוך, אָבער דאַרווין האָט נאַטירליך פון דעם מאַניפעסט ניט געוואוסט.

אַנדערע געדאַנקען, וואָס זיי האָבען אויסגעשפּראָכען, וועלען זיך אפשר אויסווייזען פאַר ניט ריכטיג, אַנדערע וועלען שפּעטערע געלערנטע איבּערבעסערען, אָבער דער געדאַנק פון עוואָלוציע וועט בּלייבען. דאַרווין האָט עס אַריינגעבּראַכט אין די בעטראַכטונג פון דער נאַטור און קאַרל מאַרקס אין די בעטראַכטונג פון דער מענשליכער געזעלשאַפט.

די וועלט שטעהט ניט אויף איין אָרט: די מינים פלאַנצען, די מינים חיות וואָס איהר זעהט היינט, זיינען ניט געוועזען פאַר הונדערטער טויזענדער יאָהרען צוריק, און זיי וועלען מסתמא ניט בּלייבען אַזוי, ווי זיי זיינען היינט, אין הונדערטער טויזענדער יאָהרען אַרום. און אין דער מענשליכער געזעלשאַפט איז אויך אַזוי. אַזעלכע זאַכען וואָס ווייזען זיך אונז אויס אַזוי נאַטירליך, אַז דער שכל קען גאָר ניט פערשטעהן, ווי עס קען זיין אַנדערש, זיינען אויך ניט אימער געוועזען אין דער וועלט און וועלען אויך ניט איבּיג בּלייבען ווי זיי זיינען. למשל, דאָס פּריוואַט אייגענטום. די בּורזשואַזנע פּאָליטישע עקאָנאָמיע נעהמט אָן, אַז יעדער מענש דאַגה'ט נאָר פאַר זיך אַליין. אָהן אַ פערזענליכען אינטערעס וואָלט קיי־

נער ניט וועלען ארביטען. אז מען נעהמט אָבער שטודירען די פארצייטיגע פיהרונג געפינט מען גאָר, אז עס זיינען געוועןטוי־ זענדער יאָהרען וואס מען האָט פון פריוואַט אייגענטום כמעט ניט געוואוסט, אז דער קרעמערישער גייסט איז ניט דער איינציגער טריב פון דער געזעלשאַפט, — עס זיינען געוועןציינען געוועןצייטען ווען פער־ זענליכע אינטערעסען זיינען געוועןאונטערגעאָרדענט צו די אינ־ טערעסען פון דעם שבט, פון דער אמונה, פון דעם שטאַאט. די וועלט האָט זיך געביטען, און אַז מען קוקט זיך איין, זעהט מען, ווי זי בייט זיך אימער.

דער גאַנצער לעבען פון דער מענשליכער געזעלשאַפט איז אויפ־ געבויט אויף ארבייט.

א מענש דארף עסען, טרינקען, קליידער, א דירה, א בית המדרש, א מחזור, א לולב, א. אז. וו. דאָס דארף מען אליץ מאַ־ כען. אפילו א גאַנץ ווילד פאָלק מוז ארבייטען צו פערשאפען זיך וואס עס בעדארף צום לעבען. וואס עס זאָל ניט זיין דער כאראַקטער פון וועלכע עס איז מענשליכע בעדערפעניסען, „צי זיי נעהמען זיך, למשל, פון מאָגען, צי פון דער פאַנטאזיע", ווי עס ווערט געזאָגט אין „קאפיטאל" פון קארל מאַרקס, מוז מען האָבען איכייצען וואס וועט טהאָן די ארבייט, אַרבייט אָן וועלכער מען קען אפילו דעם אויבערסטען אויך ניט דיענען. ניט ריידענדיג וועגען אזעלכע וואָכעדיגע זאַכען ווי ברויט, א קאַפאָ־ טע, א כאַלופּע, — דעם בית המדרש דאַרף מען אויסבויען, דעם מחזור דאַרף מען דרוקען, אויף דערויף בעדארף מען אַ דרוקע־ ריי, א פאַפיר פאַבריק, טינט, א. אז. וו. דעם לולב מוז מען פון ערגעץ ברייגנען צופיהרען. מען דארף עס איינפלאַנצען, אויפהאָ־ דעווען, אויף דערויף בעדארף מען א גערטנער און א בעל עגלה. אָט די אלע מלאכות צוזאמען הייסען „פראָדוקציאָן". יעדערער וויים, אז היינט צו טאג ווערט די ארבייט אַנדערש געמאַכט ווי פארצייטען. די וועלט לערענט זיך מאַכען די ארבייט רק בעסער. פערשיעדענע נייע סארטען ארבייט ווערען רק אריינגעבראכט אין דעם מענשליכען לעבען. עס ענטוויקלען זיך די געצייג. עס פער־ ענדערט זיך דורך דעם די איינריכטונג פון דער ארבייט, און מיט דער איינריכטונג פון דער ארבייט ענדערט זיך די איינריכטונג פון דער געזעלשאפט. די מענשען בשעת מעשה זיינען ביי זיך

אליין ניט קלאָר וואָס עס טהוט זיך מיט זיי און ארום זיי. די פּאָליטישע עקאָנאָמיע איז ניט קיין גאנצע צווייג הונדערט יאָהר אלט, אָבער די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג פון דער געזעלשאפט האָט זיך געצויגען צעהנדליגע טויזענדער יאָהרען, איידער עס איז די גע־לערנטע אין זינען געקומען צו נעהמען זיך אונטערזוכען דעם עקאָנאָמישען בוי פון דער געזעלשאפט.

דער גרעסטער טייל פון אונזער לעבען געהט אוועק אין אר־בייטען. די געדאנקען פון דעם מענשען ליגען, ווילענדיג, ניט ווי־לענדיג אין דער ארבייט. ווען אפילו מ'קומט צוזאמען צו פער־בריינגען די צייט רעדט מען געוועהנליך „פון שאפ", ווי דער אמעריקאנער זאָגט. עס איז פאראן א שניידערישער לשון, א בעל עגלה רעדט פון פאסטראָמעס; קורץ, די אידעען פון דער געזעלשאפט ווערען בעשטימט פון דער פּראָדוקציאָן.

עס געפינען זיך נביאים און פילאָזאָפען, וואס שטעהען ווייט איבער זייערע לאנדסלייט און איבער זייער צייט. כדי אָבער זיי־ערע אידעען זאָלען האָבען אן איינפלוס אויף די געזעלשאפט, מוזען זיי אָנגענומען ווערען פון די מאסען, וואס זיינען ניט קיין פילאָזאָפען. דערצו מוזען די אידעען ענטוועדער נאָר אויסדרי־קען די אינסטינקטיווע געדאנקען פון די מאסען, אז יעדער זאָל קענען זאָגען: „איך האָב דאָס טאקע אליין געמיינט אזוי"; אָדער דער פילאָזאָפישער געדאנק, ווען ער ווערט פערברייט צווישען די מאסען, פאסט זיך ביסלעכווייז צו צו דעם פערשטאנד פון די מאסען; אָדער ער מאכט גאָר קיין איינדרוק ניט אויף די געזעל־שאפט און ווערט פארגעסען.

אלזאָ, די אידעען פון א דענקער האָבען נאָר דאן אן איינ־פלוס אויף די געזעלשאפט, ווען ער שפּרעכט אויס דאָס, וואָס ביי אלעמען האָט זיך, אזוי צו זאגען, געדרעהט אויפ'ן צונג. מיר קומען אלזא צוריק צו די מאסען, וועלכע זיינען ניט קיין פילאָ־זאָפען: זייער דענקען ווערט בעשטימט פון זייער ארבייט, דאָס הייסט פון דעם צושטאנד פון דער פּראדוקציאן.

עס דוכט זיך אונז, אז מיר זיינען געפאלען אויף א גלייכען פלאן, ווי צו רעוואָלוציאניזירען די וועלט. אויב אָבער דער פלאן איז טאקע א גלייכער, דאָס הייסט, אויב ער געפעלט דעם עולם, לאָזט זיך גאָר אויס, אז מיר זיינען געפאלען אויף דעם

פּלאַן נאָר דערפאר, וואס אַלץ אין אונזער גאַנצער פיהרונג האָט אונז געבראַכט אויף דעם גדאנק. דאָס הייסט, זאָגט מאַרקס, אז די מענשהייט שטעלט זיך אַלע מאָל אַזעלכע אויפגאבען, וועלכע זי קען אויספיהרען, ווארים אז מען זאָל נאָר בעטראַכטען, זעהט מען, אז די זאַך קומט צום פאַרשלאַג נאָר דעמאָלט, ווען אַלץ איז שוין אין פאַראויס צוגעגרייט דערצו.

דאָס איז דער תמצית פון דעם „היסטאָרישען מאַטעריאַליזם".

די וויכטיגקייט פון דעם גדאַנק פאַר די געשיכטע פון סאָציאַליזם קען מען נאָר דאַן פאַרשטעהן, אז מען דערמאָנט זיך אָן דעם צושטאַנד פון דער סאַציאַליסטישער בעוועגונג צו דער צייט ווען מאַרקס איז ארויסגעקומען מיט זיין טעאָריע. אין פראַנקרייך זיינען בעשטאַנען פערשיעדענע קלייזלאַך פון סאַציאַליסטען. יעדער קלייזעל האָט געהאַט זיין אייגענע תורה און האָט בעטראַכט אַלע אנדערע סאַרטען סאַציאַליזם פאַר ניט קיין עכטען סאָציאַליזם. ווען די איינפיהרונג פון סאַציאַליזם וואָלט געדאַרפט אָפּהייגנען אָן דעם, אז מען זאָל איינשמועסען דעם עולם, אז דער סאָציאַליזם איז א גלייכע זאַך, וואָלט די מעשה אויסגעזעהען זעהר טרויעריג: אז איין קלייזעל האָט דעם אנדערען קלייזעל ניט גע־קענט איבערצייגען, טו וואס רעדט מען שוין פון דער זייטיגער וועלט, וועלכע האָט זיך פראָסט אויסגעלאכט פון אַלע קלייזלעך און זיי אַלעמען גערופען „אוטאָפּיסטען".

דאָ קומט מאַרקס און זאָגט, אז די איינפיהרונג פון סאָציאַליזם וועט ניט דורך דעם קומען, וואָס די סאָציאַליסטען וועלען דרשה'נען סאַציאַליזם, נאָר פונקט פערקעהרט: דאָס וואס מען דרש'נ'ט פאַר סאַציאַליזם איז א סימן, אז די ענטוויקלונג פון דער וועלט האָט שוין געבראַכט צו אזא פונקט, אז דער סאָציאַליזם קומט באַלד. דער סאָציאַליזם איז אַלזא ניט קיין „אוטאָפּיע", ניט קיין חלום.

קאַרל מאַרקס שילדערט די געשיכטע פון די לעצטע עטליכע הונדערט יאהר און ווייזט, ווי עס האָט זיך געביטען די גאַנצע איינריכטונג פון פּראָדוקציאָן און ווי אזוי די דאָזיגע ענדערונג פיהרט צו סאַציאַליזם. ניט מחמת דער סאַציאַליזם איז אזא וויגאָדנער אדער אזא פיינער, אָרענטליכער פּלאַן, נאָר ווייל

עס קומט אויס אזוי, מען קען כמעט זאָגען: עס א ז „בעשערט"
אזוי.

## 2. די ווארען ווירטשאפט.

קארל מארקס הויבט אָן פון יענער צייט ווען עס איז שוין בעשטאנען א געזעלשאפט מיט פריוואט־אייגענטום, מיט האנדעל, מיט בעלי מלאכות און אזוי ווייטער. עס איז געווען אמאָל א צייט, ווען דאָס אלץ איז נאָך אויך ניט געווען, אָבער וועגען יע־נער צייט דערמאָנט מארקס נאָר א פּאָר מאָל פארבייגעהענדיג. ווי אזוי עס איז געקומען צו יענעם צושטאנד, מיט דעם האָט ער זיך ניט בעשעפטיגט. ער האָט בעשרענקט זיין אויפגאבע אויף דעם, ווי אזוי עס איז פון דער געזעלשאפט פון קליינע סוחרים געווארען א קאפּיטאליסטישע געזעלשאפט, וואס איז איצטער „מעוברת" מיט דער סאציאליסטישער געזעלשאפט, ווי ער דריקט זיך אויס.

אז מען נעהמט ענגלאנד אָדער פראנקרייך אין דעם 17טען יאָהר הונדערט, דייטשלאנד און אמעריקא אין דעם 18טען, האָט זיך די גאנצע געזעלשאפטליכע פּראָדוקציאָן געהאלטען אויפ'ן פויער: נאָך מיט א הונדערט און פופציג יאָהר צוריק איז אפילו אין ענגלאנד דער גרעסטער טייל פון פאָלק בעשטאנען פון פּוי־ערים. אומעטום וואו די ערד האָט זיך אפילו גערעכענט, אז זי בעלאנגט צום פּריץ, האָט ער פאר זיך געהאלטען נאָר א חלק, דאָס איבעריגע איז געווען צוטיילט צווישען די פּויערים. יעדע פאמיליע האָט געהאט איהר אייגענעם שטיקעל פעלד, איהרע אייגענע פערד און בהמות, איהר אייגענע סאָכע, באָראָנעס, א. אז. וו. און יעדער האָט פאר זיך בעארבייט זיין שטיקעל ערד. דעם פּריץ'ס ערד האָבען געאַקערט די זעלביגע פּויערים מיט זיי־ערע פערד, מיט זייערע סאָכעס, א. אז. וו. דער גאנצער אקערבוי האָט זיך אלזאָ געפיהרט אויף א קליינעם אופן. אין ווינטער איז פאראן ווענינ וואס צו טהאָן ארום דעם פעלד. די צייט פלעגט יעדער פויער בענוצען צו פערריכטען די סאָכע, דעם וואָגען, דעם פארקען, מען האָט געהאקט האָלץ אין וואלד, וואו מען האָט גע־מעגט איז מען געגאנגען אויף פּאָליעוואניע אויף ווילדע חיות און מען האָט פערקויפט די פעלען. יעדערער האָט געקענט זיך ארום־

געהן מיט א האק. אז מען האָט געדאַרפט עפּעס פעררוכטען אין הויז, האָט דאָס דער פויער אליין געטהאָן. און אפילו אז מען האָט געדאַרפט בויען א שטוב פון דאָס ניי, האָט מען דאָס געוועהנליך געמאַכט אליין. די ווייבער האָבען אין ווינטער געשפּונען פלאַקס און וואָלען, געוועבט לייווענט און טוך, גענעהט קליידער און וועש פאַר די גאַנצע געזינד. יעדער פויער האָט געקענט א פּילע פערשיעדענע מלאכות וואס ווערען היינט צו טאָג געמאַכט פון האַנד ווערקער אדער פאַבריק ארבייטער. א חוץ דעם איז אין דאָרף געוועזען א מיהל, א קוזניע און בכלל אזעלכע בעלי מלאכות, וואס דאַרפען אן איינגעאָרדענטען פּלאַץ פאַר ארבייט און פיעל געצייג. יעדער פון זיי איז אָבער צו דער זעלבער צייט געוועזען א פויער, ער האָט געהאַט זיינע אייגענע ערד און האָט זי בעאַרבייט פאַר זיין אייגענעם געברויך. זיין ווייב האָט געבאַקען ברויט, געשפּונען, געוועבט, גענעהט, ווי ביי אלע־מען האָט זיך געפיהרט. עס זיינען ווייטער געוועזען נאָך אַנדערע פויערים, וואָס פלעגען מאַכען זייער סחורה אין דאָרף, למשל, ציגעל, טעפּ, הילצערנע שיסלען און לעפעל און נאָך אַנדערע זאַכען, און פלעגען דאָס פיהרען אין מאַרק אדער אויפ'ן יריד פערקויפען.

דער מאַרק אדער דער יריד איז געוועזען גרעסטען־טיילס אין א גרויסען דאָרף. די איינוואָהנער פון דאָרף זיינען געוועזען פויערים. עס פלעגען זיך צונויפפאָהרען פויערים פון פערשיעדענע נעהענטערע געגענדען און מען פלעגט פערקויפען איינער דעם אַנדערען. קיין גרויסע שטעדט ווי היינט איז צו יענע צייטען ניט געווען. אין די ווייניגע שטעדט וואס זיינען געוועזען האָבען געוואָהנט קרעמער, סוחרים, בעלי אכסניא'ס, שיינקער און בעלי מלאכות וואס האָבען געאַרבייט אויף שטאָדטישע קונדען און אביסעל אויך פאַר פּריצים. אָבער אפילו די שטאָדט האָט נאָך אויך אויסגעזעהן עהנליך צו א דאָרף. פיעלע פון די בעלי הבתים האָבען געהאָדעוועט צו עטליכע בהמות און ציעגען און האָבען געהאַט אייגענע מילך און סמעטענע, און צוואַרעך און פּוטער, מען האָט געהאַלטען הינער, גענז, קאַטשקעס, ענדיקעס, מען האָט געבאַקט ברויט אין דער היים. כמעט יעדערער האָט געהאַט א גאָרטען. מען פלעגט פערזייען קרויט, באָב, רעטאַך, חריין, או־

גערקעס, ברוצקע, אלץ וואס מען בעדארף אין הויז. כמעט יעדערער האט געהאט א פערד און פיעלע פלעגען קאסיען גראז פאר'ן פערד ערגעץ אינטער'ן שטאדט. אנדערע האבען אפילו געהאט א שטיקעל ערד און פערזועט תבואה.

היינט נעהמט דעם פריץ'ס הויף. אין יעדען מאיאנטעק איז געווען אפגעטיילט א געוויסער חלק, אויף וועלכען די פויערים האבען געארבייט פאנשטיזנע. מיט דערמיט איז דער פריץ געווען פערזארגט מיט תבואה פאר זיין אייגענעם הויף. צו דערצו האט ער געהאט זיינע בהמות, זיינע הינער און אז. וו. וויטערצו האבען די פויערטעס געמוזט ברייגגען אין הויף לייווענט און נאך פערשיעדענע אזעלכע זאכען. א הויז דעם האט יעדער גרויסער פריץ געהאלטען ביי זיך אין הויף הונדערטער פויערים און שיקסעס, וואס זיינען געווען אויסגעלערענט אלערליי מלאכות: שניידער, שוסטער, סטאליארעס, מוליארעס, אפילו מוזיקאנטען און אקטיארען.

איהר זעהט פון דערפון, אז פיעלעס פון דעם וואס מיר קויפען היינט אין מארק אדער אין קראם פלעגט מען אין יענע צייטען מאכען אין דער היים. די אלע זאכען זיינען ניט געווען קיין סחורה. די ארבייט איז נאך געווען זעהר וועניג צוטיילט אין פערשיעדענע פאכען און אין יעדען פאך האט יעדער בעל מלאכה געארבייט פאר זיך, געוועהנליך מיט זיינע קינדער, אפט מיט איינעם אדער א פאר געזעלען.

פאר פיעלע ארבייטען פלעגט דער פויער בעצאהלען מיט תבואה, מיט אייער און דערגלייכען, למשל, דעם שמיד פאר אונטערקאווען דעם פערד, אבער געוויסע זאכען האט מען שוין פערקויפט און געקויפט, דאס הייסט זיי זיינען שוין געווארען „וואארע". דעריבער בעצייכענט מארקס דעם צושטאנד מיט דעם נאמען „וואארען-ווירטשאפט". נעהמט די אלע סארטען סחורה וואס בייטען הענט אין מארק אדער אויף א יאריד; אין יעדע איז אריינגעלעגט א שטיקעל מלאכה, אלע צוזאמען מאכען זיי אויס די מלאכה פון דעם גאנצען כלל. איהר קענט זיך דאס פארשטעלען אזוי ווי די גאנצע מלאכה פון דעם כלל וואלט געווען איינגעטיילט צווישען די פערשיעדענע בעלי מלאכות. די פאליטישע עקאנאמיע רופט דאס טאקי אזוי — „ארבייטס-טיילונג". אין דער אמת'ן אבער

איז דאָס ניט מעהר ווי א וויסענשאַפטליכער בעגריף. אין מאַרק טרעפט זיך איינער מיט'ן אַנדערען פּראָסט ווי א קויפער און א פערקויפער. א בעל מלאכה טרעפט אָן א בעל מלאכה אין מאַרק, נאָר ווי איין סוחר דעם אַנדערען. און א חויז ווי אין מאַרק האָבען זיי איינער מיט'ן אַנדערען קיין געשעפטען ניט.

אַלזאָ אין א וואָרען־געזעלשאַפט איז די אַרבייט איינגע־טיילט אין הויז און איינגעטיילט אין כלל; די נפקא מינא איז אַז אין הויז איז די אַרבייט איינגעטיילט אויף א געוויסען פּלאַן: דער טאַטע שניידט צו, דער בחור נעהט צוזאַמען, דער אינגעל ציהט אַרויס די פּאַסטריגעס, די מאַמע קאָכט וואַרעמעס, די טאָכ־טער פיטערט די בהמה, — אין דער גאַנצער געזעלשאַפט אָבער, איז די אַרבייט ניט איינגעטיילט געוואָרען אויף קיין פאָראויס־געזעהענעם פּלאַן, די אַרבייטס־טיילונג איז אויסגעוואַקסען, ווי עס רעדט זיך „מיט דער נאַטור". איינער איז געוואָרען א שוס־טער, דער אַנדערער א שניידער און איינער האָט פון אַנדערען ניט געוואוסט ביז וואַנען זיי האָבען זיך ניט געטראָפען אין מאַרק ווי סוחרים.

מיט א יאָהר הונדערט, צוויי הונדערט צוריק זיינען דאָס גע־ווען גרעסטענטיילס קליינע סוחרים. יעדערער פון זיי האָט זיך געדונגען אויף וואָס די וועלט שטעהט. האָט איהר ווען עס איז גע־הערט א קירזשנער זאָל זאָגען עס איז אָן עולה אָפּצודינגען א פּאָר גראָשען פון דעם באַנדער? אַזא געדאַנק האָט קיינעם גאָר ניט געקענט איינפאַלען. יעדער בעל מלאכה האָט געאַרבייט שווער און ביטער פאַר זיינע פּאָר גראָשען, און פאַר וואָס קומט עס, דער באַנדער זאָל איבערצאָהלען דעם קירזשנער, אדער דער קירזש־נער דעם באַנדער? געוועהנליך, אַז מען האָט זיך שוין בעדונגען וועגען דעם מקח, געמאָלט ניט בעצאָהלען וואָס מען האָט זיך בעדונגען — איז א שווינדעל. אָבער אַזוי לאַנג ווי איין סוחר בעצאָהלט דעם אַנדערען וואָס מען האָט אָפּגערעדט, זיינען ביידע אָרענטליכע לייט.

ניט אַלע מלאכות קען מען ברייננען פּאַרטיגערהייט אויפ'ן מאַרק אָדער אין קראָם אַריין. היטלען קען מען פערקויפען פאַר־טיגע, אַז מען דאַרף אָבער מאַכען אַן אויוועז, מוז מען דינגען א מוליאַר ער זאָל קומען צו אייך אין שטוב און מאַכען די אַרבייט.

אז מען דארף אונטערקאָווען א פערד, מוז מען געהן צום שמיד. א קאפאָטע קען מען אפילו קויפען אין טאַנדעט, אָבער אז מען וויל א רעכטען שבת'דיגען בגד קויפט מען די געוואנט און מען גיט אָפּ א שניידער, ער זאָל מאכען צו דער מאָס. היינט לאָמיר איך פרעגען: איז דאָ עפּעס פאַראַן א נפקא מינה פון קויפען א היטעל א פארטיגע און דינגען א מוליאר ער זאָל איך אריינשטעלען א הרובקע אין הויז? אויב איינס איז רעכט, איז דאָס אַנדערע אויך יושר. אָדער קען מען זאָגען אז ווען איך קויף א קאפאָטע אין טאַנדעט, בין איך א קויפער און דער טאַנדעטניק א פערקויפער; אז איך בעדינג זיך אָבער מיט'ן שניידער דריי רובעל פאר אויפנעהען, בין איך, הייסט דאס, דער „עקספּלואַטאַטאָר" און ער, דער שניידער, איז דער „עקספּלואַטירטער"? אזא געדאנק קען אין יענע צייטען קיינעם גאָר ניט איינפאַלען, גאָר פּראָסט, מחמת יעדען איינעם קומט אויס צו דינגען דעם אַנדערען צו טהאָן א שטיקעל ארבייט.

### 3. דער אָנפאַנג פון לוין־אַרבייט. די טיילונג פון דער אַרבייט אין דער מאַנופעקטור.

אלזא עס איז א וועלט פון קליינע סוחרים, אונאבהענגיגע בעלי מלאכות. פון דערפון לאָזט זיך אויס אָבער, אז עס זיינען פאַראַן בעלי מלאכות וואס געהען ארבייטען פאר אַן אנדערען. דער מוליאר וואס געהט מאכען אַן אויווען ביי'ם קירזשנער אין שטוב, דינגט דעם קירזשנער צו זיך אין שטוב אריין אויפצונעהען א פּיזמענעם פוטער. היינט איז דער קירזשנער דער „בעל הבית" און דער מוליאר איז דער „ארבייטער", מאָרגען איז דער מוליאר דער „בעל הבית" און דער קירזשנער דער „ארבייטער". ווער איז דאָ דער „לוין־שקלאַף"? א קירזשנער, וואס ארבייט ביי א פויער אין הויז און קריגט בעצאָהלט פאר זיין ארבייט, א חוץ עסען און טרינקען, איז ביי זיך פונקט אזא פריץ ווי דער בעל הבית, ביי וועלכען ער ארבייט. דער בעל מלאכה פערלאנגט פאר זיין ארבייט וואס מעהר, דער קונד זוכט אָפּצודינגען פון דעם פּרייז, אָבער פון „עקספּלואַטאַציע", פון „אויסבויטונג" קען מען דאָ גאָר ניט ריידען, וואָרים היינט דינגט דער סטאָליער דעם קירזשנער, אויפצונעהען א פּעלץ, און מאָרגען דינגט

דער קירזשנער דעם סטאָליער מאכען ביי איהם אין שטוב פּאָלי־
צעס. עס קען גאָר קיינעם פון זיי ניט איינפאַלען, אז עס וואָלט
געוועזען גלייכער, די שטאָדט־פערוואַלטונג זאָל אויף זיך נעהמען צו
בעזארגען די גאנצע שטעדטעל מיט פּאָליצעס. יעדער בעל מלאכה
האָט זיין אייגענע געצייג און קען אויסקומען אין זיין ארבייט
אָהן דער רעגיערונג.

היינט ווען אַ מוליאר געהט ארבייטען פאר יעדען איינעם
וואס דינגט איהם, טאָ וואָס מאכט איהם אויס צי ער דינגט זיך
צו ארבייטען ביי אַ קירזשנער, אָדער טאקי ביי אַ מוליאר, אבי
ער קריגט בעצאָהלט זיין פּרייז. אָט אזוי קומט עס צו דערצו
אז אַ בעל מלאכה דינגט אַנאַנדער בעל מלאכה פון דעם אייגענעם
פאך צו ארבייטען אויף שכירות, און ביידע בעטראכטען עס פאר
יושר. עס שטעלט זיך אבער אַ קשיא: פאר וואס זאָל, למשל,
איין שניידער געהן ארבייטען פאר אַן אנדערען און ניט פאר׳ן
קונד גופא?

אַן ענטפער אויף דער פראגע גיט אונז דער בעקאנטער ביי־
שפּיעל פון „מוירטשענט טיילאָר" (קונדען שניידער) אין די שטעדט
פון ליטא.

אין יעדער שטאָדט זיינען געוועזען שניידער וואס האָבען געאַר־
בייט פאר קונדען (וואס מ׳רופט דאָ „קאָסטום טיילאָרס"). גע־
וועהנליך זיינען צווישען זיי געוועזען אויסגעצייכענטע בעלי מלאכות
און אזוי זיך שניידער. ביסלעכווייז זיינען צו די ערשטע קלאַס
שניידער איבערגעגאנגען די בעסטע קונדען פון זייערע קאָנקור־
רענטען און זיי האָבען ניט געקענט אליין פאַרטיג ווערען אויפ׳ן
אַלטען אופן מיט אַלע בעשטעלונגען, וואס זיי האָבען געקראגען. מען
האָט געמוזט איינטיילען די ארבייט אין ווערקשטאַט: איינער האָט
געמאכט נאָר הויזען, דער אַנדערער נאָר קאָמיזעלקעס, איינער
האָט נאָר געפּרעסט און אזוי כסדר. דורך דעם איז געגאנגען
די ארבייט גיכער און מען ד ט זיך געקענט בענוצען אפילו מיט
ניט קיין זעהר גוטע שניידער. און אגב, אַז דער אָרימער שניי־
דער האָט פערלוירען זיינע בעסטע קונדען, האָט ער זיך בעטראכט,
איידער ארומגעהן ליידיג, וועט ער בעסער געהן ארבייטען ביי דעם
„מוירטשענט טיילאָר" און ער וועט אפשר בעסער אויסמאכען ווי
פאר זיך. פון דער אנדער זייט האָט דער „מוירטשענט טיי־

לאָר" געקענט בעשטעהן צו בעצאָהלען זיינע געזעלען בעסערע שכירות איידער דער אָרעמער שניידער, ווייל ביי דעם „מיירטישענט טיילאָר" איז די ארבייט גענאנגען גיכער דורך דעם, וואס זי איז געוועזן בעסער איינגעטיילט. דער קלענערער בעל מלאכה האָט ניט געקענט אזוי איינטיילען די ארבייט ביי זיך, ווייל ער האָט אפשר סך הכל געהאט איינעם אדער צוויי ארבייטער.

דער פראָפיט קומט פון קאָאָפעראציע*) אין ווערקשטאט פון דער איינטיילונג פון דער ארבייט. די באלעבאטים האָבען אָרגאניזירט די ארבייט, זיי נעהמען זיך דעם פראָפיט. דער ארבייטער בעקומט בעצאָהלט אזוי פיעל וויפיעל ער קען אליין מאַכען פאר זיך. דאָס איז דער יושר פון א וועלט פון סוחרים. דער ארבייטער איז אליין אויך א סוחר און ער בעטראכט דאָס אויך פאר יושר.

אזוי ווערט פאמעלעך איינגעפיהרט ארבייט אויף שכירות און אזוי לאנג ווי מען בעצאָהלט דעם ארבייטער וואס מען האָט זיך בעדונגען, הייסט דאָס מען האָט איהם בעצאָהלט פאר זיין ארבייט וויפיעל זי איז ווערט.

פון א בעל מלאכה וואקסט אויס א קליינער קאפיטאליסט מיט א סך ארבייטער אונטער וועלכע די ארבייט איז איינגעטיילט אין ווערקשטאט גופא. אזא ווערקשטאט רופט מארקס „מאנופאקטור". פון דער מאנופאקטור הייבט זיך אן די מאכט פון קאפיטאל איבער דער ארבייט, וואס מען רופט קאפיטאליסטישע פּ ר אָ ד ו ק צ י א ן. עס זיינען געוועזן נגידים פאר דעם אויך, אבער דאָס זיינען געוועזן ענטוועדער פריצים און הויכע בעאמטע פון דער רעגירונג וואס האָבען געלעבט פון פאנישטשינע און שטייערען (טעקסעס), אָדער גרויסע סוחרים און מלוים, וואָס האָבען געמאכט געלט הויפטזעכליך ארום די פריצים, אָדער פון דער רעגירונג. נאטירליך, אזוי צי אזוי, דער פראָפיט פלעגט סוף כל סוף קומען פון אָרעמאן, אָבער אין דער ארבייט גופא האָט זיך דער קאפיטאליסט ניט געמישט, אלזאָ די פראָדוקציאן אליין איז ניט געווען קיין קאפיטאליסטישע.

---

*) ווען מאַרקס רעדט פון „קאָאָפעראציע" מיינט ער דאָס ארבייטען צוזאמען פון א סך מענשען, וואו איינער קען אָהן דעם אַנדערען ניט אויסקומען אין זיין ארבייט.

נאָר זינט עס ווערט איינגעפיהרט קאָאָפּעראַציע אין שאַפּ, הויבט זיך אָן די מאכט פון קאפּיטאַל איבער דער ארבייט גופא. דער בעל הבית ארגאניזירט די קאָאָפּעראַציע, און, פערשטעהט זיך, ער אָרגאניזירט זי פאר זיין אייגענעם תכלית

אלזאָ, פון דעם ערשטען שריט אָן בעשטעהט ז'ער כוח פון קאפּיטאַל אין דעם, וואס ער אָרגאניזירט די ארבייט אויף א גע־זעלשאַפטליכען פּלאַן. וואס מעהר עס וואַקסט דער געשעפט, וואס מעהר בעשטעלונגען דער פאבריקאנט קריעגט, אלין מעהר ווערט די ארבייט איינגעטיילט. די ארבייט איז איינגעטיילט צווישען צעהנדליגער ארבייטער און יעדער טהוט נאָר איין ספּע־ציעלע מלאכה. די גאנצע מאנופאקטור איז ניט מעהר ווי א גרויסע לעבעדיגע מאַשין, וואס בעשטעהט פון א סך לעבעדיגע שרייפלאך און רעדלאך, יעדער ארבייטער איז ניט מעהר ווי א פּיצינקער שרייפעל אָדער א קליינינקע רעדעלע.

## 4. די מאַשין־אינדוסטריע:

ווען די ארבייט איז געווארען אזוי איינגעטיילט, זיינען די געצייג אויך געווארען איינגעטיילט אין פערשיעדענע סארטען. א פּערצייטיגער שמיד האָט געניצט די זעלביגע צוואַנגען פאר אלערליי מלאכות. ווען די ארבייט איז געווארען איינגעטיילט אין פּיץ־ברעקלעך, איז פאר יעדע שטיקעל ארבייט נויטיג געווארען א בעזונדערע צוואַנג, און נאַטירליך האָט מען זיי גע־ענט בע־סער צופּאסען צום מאָס, ווי מען דארף פאר יעדע ארבייט. דורך דעם איז דער אונטערשיד צווישען א מאַנופאקטור און א קליינעם בעל מלאכה געווארען נאָך גרעסער. ווייטער, ווען די ארבייט איז געווארען אזוי איינפאך, אז איינער האָט געצויגען דעם דראָט, דער אנדערער האָט געשניטען, דער דריטער האָט געשליפען דעם שפּיץ און אזוי כסדר, איז שוין זעהר לייכט געווארען פאר אזעל־כע איינפאכע ארבייטען אנשטאט לעבעדיגע שרייפעלעך און רע־דעלאך אויסצוטראכטען מאַשינען. איינע נאָך די אַנדערע זיינען זיי איינגעפיהרט געווארען אין יעדער ארבייט און האָבען בעפעס־טיגט די מאכט פון קאפּיטאַל. דער פּארצייטיגער שוסטער האָט נאָך ווי עס איז געקענט אויסהאַלטען געגען די שיך וואס זיינען געמאכט געווארען אין א מאנופאקטור. אז ס'איז שוין געקומען

וועהר שלעכט, איז ער צופרידען געווען צו מאכען די פּאָר שיך אונטערען מקח, אבי ניט געהן איבער די הייזער. ווען עס איז אָבער איינגעפיהרט געווארען די מאַשין, איז פאר'ן שוסטער געקומען דער סוף. דער קאַפּיטאַליסט האָט ביי דעם שוסטער ניט אַוועקגענומען די לייסטען, מיט דעם דריי־פיסיגען ביינקעל, אבער די לייסטען מיט'ן ביינקעל האָבען אָנגעווארען דעם ווערטה, און אזוי איז געווארען אין אלע צווייגען ארבייט. דער שוסטער האָט אויסגעהייצט אין אוווען מיט זיינע „אינסטרומענטען פון פּראָדוקציאָן" און איז געגאַנגען אין די פאבריק פון שיך ארבייטען פאר שכירות. אזוי איז ער אַרונטער פון אן אונאַבהענגיגען בעל מלאכה צו א פּראָלעטאַריער.

עס קען זיין, אז ער פערדינט היינט בעסער ווי פריהער, בשעת ער איז געווען פאר זיך א בעל הבית, ער קריגט עהרליך בעצאָהלט פאר יעדע פּאָר שיך, וואס ער מאכט, און ער בעמערקט גאָר ניט, אז די איינריכטונג פון דער ארבייט און פון דער געזעלשאפט האָט זיך איבערגעביטען.

מיר האָבען געזעהן, ווי דער קאַפּיטאליזם איז אויף א גאַנץ נאַטירליכען וועג אויסגעוואקסען פון א געזעלשאפט, אין וועלכער די ארבייט איז געווען צוטיילט צווישען פּייערים און מייסטערס־בעלי־מלאכות, וואס יעדער איז געווען פאר זיך א בעל הבית און איינער האָט געקויפט, אָדער בעשטעלט ארבייט ביי דעם אַנדערען. אין דער געשיכטע איז ניט אלץ אזוי רוהיג צוגעגאַנגען: עס זיינען געווען מלחמות, בירגער־קריעג, רויבעריי און גוואלד אין אלע פאָרמען, אָבער דאָס זיינען געווען זייטיגע זאכען. דער עיקר איז די איינפיהרונג פון מאַשינען; די רויבעריי, די גזלנות פון די קאַפּיטאַליסטען האָבען זיי געהאָלפען גיכער רייך צו ווערען, איידער אויף א ראַיעלען וועג, אָבער דער קאַפּיטאליזם וואלט זיך ניט געקענט איינהאלטען, ווען ער וואָלט זיך ניט שטיצען אויף די מאַשינען.

אָבער ניט נאָר דער בעל מלאכה איז געווארען א פּראָלעטאַריער. פאַרצייטען האָט דער פּייער געהאַט א פולע ארבייטען א חויז אקערבוי, מיט וואָס ער פלעגט אָנפילען זיין ווינטערצייט. זיין ווייב און זיינע טעכטער האָבען אויך געהאַט נענוג וואס צו טהאָן. היינט ווען מען האָט איינגעפיהרט מאַשינען אין דער שפּי־

נעריי און אין דער וועבעריי, איז קאָנלענקאָר און קאַרטון געווארען אזוי וואָלוועל, אז עס האָט זיך שוין פּשוט ניט בעצאָהלט אָנ־צואווערען די צייט אין דער היים. דעם פארמער'ס טאָכטער איז אוועק אין שטאָדט ארבייטען אין א פאבריק און דער פאר־מער אליין איז אויך געווארען אויף צרות, ווארים ארבייטענדיג א האלב יאָהר איז שווער אויסצוקומען א גאנץ יאָהר. דעם פאר־מער'ס זוהן האָט אויך געמוזט געהן אין שטאָדט זוכען ארבייט אין פאבריק, אזוי איז אויסגעוואקסען דער פּראָלעטאריאט.

## 5. די געשיכטליכע ראָלע פון דעם קאַפּיטאַליזם.

וואס פאר א ראָלע האָט געשפּיעלט דער קאפּיטאליסט אין דער ענטוויקלונג פון דער געזעלשאפט? ער האָט אָרגאניזירט יעדען געשעפט, ער האָט געפּלאנעוועט אלערליי געשעפטען, ער האָט געזוכט איינצופיהרען נייע מאשינען און נייע מעטאָדען, ווי צו ארבייטען, ער האָט איינגעפיהרט דעם וועלט־האנדעל און האָט געמאכט פון דער גאנצער וועלט אזוי ווי איין לאנד.

„מיט דעם צוזאמענארבייטען פון פיעלע לוין־ארבייטער ענטוויקעלט זיך די הערשאפט פון דעם קאפּיטאל", זאָגט קאַרל מאַרקס, „צו א ווירקליכער בעדינגונג פון דער פּראָדוקציאָן. מען קען איצטער ניט אויסקומען אויף דער וועלט פון דער פּראָדוק־ציאָן אָהן דעם בעפעהל פון דעם קאפּיטאליסט, ווי אויף דעם שלאכטפעלד אָהן דעם בעפעהל פונ'ם גענעראל. יעדע דירעקטע געזעלשאפטליכע, אדער געמיינשאפטליכע ארבייט אויף א גרע־סערען מאסשטאב נויטיגט זיך מעהר אדער מינדער אין א פער־וואלטונג וואס זאל ברענגען אין הארמאָניע די ארבייטען פון יחידים און זאָל דורכפיהרען די אלגעמיינע פונקציאָנען, וועלכע שטאמען פון דער בעוועגונג פון דעם גאנצען פּראָדוקטיווען קער־פּער אין אונטערשיעד פון דער בעוועגונג פון זיינע זעלבסטשטענ־דיגע ארגאנען. אן איינצעלנער פידעל שפּיעלער דיריגירט זיך אליין, אן אָרקעסטער נויטיגט זיך אין א דיריגענט. דיעזע פונק־ציאָן פון לייטונג, איבערוואכונג און פערמיטלונג ווערט די פונק־ציאָן פון דעם קאפּיטאל".*)

*) קאַרל מאַרקס, דאָס קאַפּיטאַל, ערשטער באַנד, צווייטע אויפלאַגע, זייט 339.

אויף פראָסט אידיש גערעדט איז די היסטאָרישע ראָלע פון דעם קאפּיטאַליסט בעשטאַנען אין דעם וואס ער איז געווען דער סארוועער פון דער גאַנצער געזעלשאַפט.

ווען דער קאַפּיטאַליסט איז געקומען, האָט ער געפונען א געזעלשאַפט, וואס איז געווען צובראָקעלט אויף א סך קליינע ווערק־שטאַטלעך און קרעמלעך, מיט קליינע מייסטערלעך און קרעמערלעך, וואס איינער האָט ניט געוואוסט פון דעם אנדערען. דער קאַפּי־טאַליסט האָט עס אַלץ צוזאַמענגעקליבען אזוי, ווי א זייגערמאַ־כער קלויבט די פּיצינקע רעדעלעך און שרייפעלעך און מאַכט פון זיי א זייגער. ביסלעכווייז איז די ארבייט געשטעלט געוואָ־רען אויף א געזעלשאַפטליכען פוס: הונדערטער טויזענדער מענ־שען פון פערשיעדענע פאַכען ארבייטען איצטער צוזאַמען אונטער דער זעלבער פאַרוואַלטונג. די ארבייט איז געוואָרען א געזעל־שאַפטליכע ארבייט.

מיר האָבען געזעהן, ווי אזוי דער קאַפּיטאַליזם איז געקו־מען אויף דער וועלט. זיין ווייטערע ענטוויקלונג איז דער רע־זולטאַט פון דער אויסברייטונג פון מאַשינערי אין אַלע צווייַ־גען פון דער אינדוסטרי. די איינפיהרונג פון רק נייע מאַשינען האָט געבראַכט מיט זיך קאָנקורענץ אונטער קאַפּיטאַליסטען. דער גרעסערער קאַפּיטאַליסט פערשלינגט דעם קלענערען, ביז וואַנען עס בלייבען נאָר עטליכע פאַבריקאַנטען אין יעדער אינדוסטריע.

דער „מיטעל קלאַס” ווערט רק קלענער און די גאַנצע גע־זעלשאַפט צופאַלט זיך, וואס ווייטער, רק מעהרער, אין צוויי קלאַ־סען: דעם קאַפּיטאַליסטישען קלאַס און דעם ארבייטער קלאַס. צום סוף מוז קומען אזא צייט, אז עס וועלען בלייבען נאָר צוויי קלאַסען, דער מיטעל קלאַס וועט אין גאַנצען נעלם ווערען. דאַ־מאָלס מוז עס קומען צו א סאָציאַלע רעוואָלוציאָן.

## 6. די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן.

דער פונדאַמענט פון דעם וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם איז דער „קאָמוניסטישער מאַניפעסט”, וועלכער איז ערשינען פאַר דער רעוואָלוציאָן פון 1848. ווען מ׳בעטראַכט יענע צייט, זעהט מען, ווי אזוי מארקס איז געקומען צו דעם געדאַנק, אז דער סאָציאַ־ליזם קען אנדערש ניט איינגעפיהרט ווערען, ווי דורך א פּראָלעטאַ־

רישען אויפשטאנד. ניט די פּאָליטישע, ניט די עקאָנאָמישע לאגע פון די קאפּיטאליסטישע לענדער אין דער צייט ווען מארקס איז ארויסגעקומען פאר דער וועלט מיט זיין טעאריע, האָבען ניט געלאָזט דענקען פון קיין אנדערען וועג איינצופיהרען „סאָציאלע דעמאָקראטיע", ווי דעם וועג אויף וועלכען מען האָט געקעמפפט פאר פּאָליטישע דעמאָקראטיע.

וואס איז שייך די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג, בשעת דער קאָמוניסטישער מאניפעסט איז ערשיענען, האָט מען נאָר אָקאָרשט אָנגעהויבען צו בויען אייזענבאהנען און טעלעגראפען. אין די מעהרסטע לענדער איז נאָך דער קאפּיטאליזם געווען שוואך ענטוויקעלט. די דריי גרעסטע קאפּיטאליסטישע לענדער היינט־צו־טאָג זיינען די פעראייניגטע שטאאטען, ענגלאנד און דייטשלאנד. מיט זיבעציג יאהר צוריק איז נאָך ניט אין אמעריקא און ניט אין דייטשלאנד כמעט קיין קאפּיטאליזם ניט געווען. אפילו אין ענגלאנד זיינען נאָך בעשטאנען א סך קליינע קאפּיטאליסטען, און נאָר א גאון ווי מארקס האָט שוין דעמאָלט געקענט איינזעהן, אז די קאפּיטאליסטען וועלען מיט דער צייט אויפפרעסען איינער דעם אנדערען, ביז וואנען עס וועט נאָר בלייבען א קליינע צאָהל קאפּיטאליסטען. ווען „דאָס קאפּיטאל" איז ערשיענען איז נאָך קיין טעלעפאָן ניט געווען, פון עלעקטרישע בעלייכטונג, עלעקטרישע אייזענבאהנען, עלעקטרישע קראפט אין דער אינדוסטריע האָט מען נאָך גאָר נישט געוואוסט. אין יענער צייט, האָט מען זיך בשום אופן ניט געקענט פאָרשטעלען וואס פאר אן עקאָנאָמישע קראפט קען מאכען, אז דער קאפּיטאל זאָל איבערגעהן פון די קאפּיטאליסטען אין קהל'שע הענד. מארקס גיט אויף דעם אזא תשובה: „די גוואלט איז אויך אן עקאָנאָמישע קראפט, די גוואלט איז אלע מאָל די הויבאם ביי דער אלטער געזעלשאפט ווען זי ליגט אין קימפעט מיט א נייער."

היינט־צו טאָג, נאָך כמעט פופציג יאהר פון פּארלאמענטארישער טעטיגקייט פון די סאציאליסטישע פּארטייען אין אלע לענדער, רעדט מען שוין זעהר אָפט פון א פרידליכען איבערגאנג פון קאפּיטאליזם צו סאָציאליזם. אין 1847, ווען דער „קאָמוניסטישער מאניפעסט" איז ערשיענען, האָט דער ארבייטער קלאס אין קיין אייראפּעאישען לאנד ניט געהאט קיין שטימרעכט און אין די

פעראייניגטע שטאאטען האָט נאָך עקזיסטירט שקלאפעריי. אין 1867, ווען „דאָס קאפיטאל" איז ערשיענען, איז אין פראנקרייך געווען א מיליטערישער דעספאָטיזם מיט אן אלגעמיינעם שטימ־רעכט, וואס האָט געהאט אזוי פיעל בעדייטונג ווי אין מעקסיקא אין דיאז'עס צייטען. אין ענגלאנד האָט דער ארבייטער גאָר קיין שטימרעכט ניט געהאט. מארקס האָט דעריבער ניט געהאט קיין בטחון אין א פריעדליכע „סאָציאלע רעוואָלוציאָן". ווי זיינע ביאָגראפען דערצעהלען, איז ער געווען מיט דער מיינונג, אז אפשר אין ענגלאנד קען דער איבערגאנג פון קאפיטאליזם צו סאציאליזם זיין א פריעדליכער. קיין קלאס אין דער גאנצער וועלט־געשיכטע האָט נאָך ניט אָפּגעטראָטען זיינע פריווילעגיעם פריי־ווילליג, אָהן א קאמפף. דעריבער מוז מען זיך ריכטען אויף אן אויפשטאנד פון דעם פראָלעטאריאט, אדער אויף א „רעבעליאָן" (בונט) געגען שקלאפען־האלטער, ווי אין דעם אמעריקאנער בירגער־קריעג פון 1861־1865.

## 7. שלום.

די גרעסטע בעדייטונג פון מארקס'ן בעשטעהט אין זיין טעאָריע, אז דער סאָציאליזם וועט מקוים ווערען ניט מחמת ער איז אזוי פיין מאָראליש, נאָר דורך די ענטוויקלונג פון דער אינדוס־טריע, וואס מאכט דעם קאפיטאליסטישען קלאס רק קלענער און דעם ארבייטער קלאס רק גרעסער און שאפט א פארטיגע ארגאני־זאציע פון דער געזעלשאפטליכער ארבייט, וואס דער ארבייטער־קלאס דארף נאָר קומען און איבערנעהמען דעם געשעפט. דער זיעג פון סאציאליזם הייננט ניט אָפּ פון דעם, צי ער איז שעהן, צי ער איז מיאוס, צי ער איז מאָראליש צי אונמאָראליש. דער סאָציאליזם וואקסט דורך עקאָנאָמישע ענטוויקלונג, צי ער געפעלט אייך צי ניט, אין איהר קענט ניט העלפען, ווען עס געפעלט אייך אפילו ניט. דאָס האָט פערשטאָפּט דעם מויל ביי יענע וואָס האָבען גע'טענה'ט, אז דער סאציאליזם איז ניט פראקטיש. קארל מארקס ענטפערט אויף דעם, אז דער סאציאליזם וועט קומען אזוי זיכער ווי דער טויט; עס איז אלזא איבעריג צו זוכען אויף איהם חסרונות. דאָס האָט געגעבען א נייע קראפט דער סאציאליסטי־שער בעוועגונג.

אין זיינע סטודענטען יאָהרען איז מארקס געווען א תלמיד פון דעם גרויסען דייטשען פילאָזאָף העגעל, וועלכער האָט געהערשט איבער די מחות פון דער דעמאָלדיגער יוגענד.

פון העגעל האָט מארקס איבערגענומען די דיאַלעקטישע מע־טאָדע פון דענקען.

די דיאַלעקטישע מעטאָדע בעשטעהט אין דעם, וואָס מען בע־טראַכט יעדע זאַך אָדער יעדע ערשיינונג ניט אין איהר שטעהענ־דיגען צושטאנד, נור אין בעוועגונג, אין ענטוויקלונג.

„אַלעס פליסט, אַלעס ענדערט זיך" — זאָגט העגעל. — „יע־דע בעשעפענים ווערט געבוירען, לעבט און שטארבט. יעדע זאַך ענטשטעהט, עקזיסטירט און פארגעהט". עס קומט ממילא אויס, אַז אויב מיר ווילען בעקומען א ריכטיגען בעגריף, א קלאָהרע פאר־שטעלונג פון פערשידענע בעשעפענישען אָדער זאכען, מוז מען זיי בעאָבאַכטען אין זייער בעוועגען זיך, ניט ווי זיי שטעהען, נאָר ווי זיי געהען, ניט ווי זיי זעהען אויס אין א געוויסען מאָמענט, נאָר אויך ווי זיי האָבען אויסגעזעהן פריהער און ווי זיי וועלען אויס־זעהן שפּעטער.

דאָס זעלבע איז בנוגע געזעלשאפטליכע פּאַסירונגען, ערשיי־נונגען און אינסטיטוציאָנען.

אויב מיר ווילען זיך געגוי בעקענען מיט א געזעלשאפטליכער ערשיינונג אָדער מיט א געוויסער אינסטיטוציאָן איז ניט גע־נוג מיר זאָלען זיי אויספאָרשען, ווי זיי זעהען אויס אין א געווי־סער צייט. מיר מוזען זיי אויספאָרשען אין זייער בעוועגונג. ניט אין אַלע צייטען און אונטער אַלע אומשטענדען האָט אַן אינסטיטו־ציאָן איינע און דיזעלבע בעדייטונג, איינעם און דעם זעלבען ווערטה. אין א געוויסער צייט, אונטער געוויסע אומשטענדען קען די אינסטיטוציאָן זיין גוט און נוצליך, בעת אין אַן אַנדער צייט, אונטער אַנדערע אומשטענדען, קען זי ווערען שלעכט און נוצלאָז. מיר טאָרען ניט בעטראַכטען אַן אינסטיטוציאָן, אָדער אַזוי א פּאַ־סירונג, אבסטראקט. מיר מוזען אַלע מאָל זיך רעכענען מיט די קאָנקרעטע בעדינגונגען, מיט דער צייט, ו ו ע ן זיי קומען פאָר, און מיט דעם אָרט, ו ו א ו זיי קומען פאָר.

ביז העגעל זיינען מעהרסטענס זאכען און ערשיינונגען בע־טראַכט געוואָרען מעטאפיזיש.

די מעטאפיזישע מעטאָדע פון דענקען בעטראַכט יעדע זאך, יעדע ערשיינונג, יעדע אינסטיטוציאָן אין זייער שטעהענדיגען צו־שטאַנד, אבסטראַקט. פאַר איהר זיינען די ערשיינונגען און די אינ־סטיטוציאָנען אָדער כולו חייב, אָדער כולו זכאי, אָדער אַלע מאָל גוט, אדער אַלע מאָל שלעכט. זי רעכענט זיך ניט מיט די בעדינ־גונגען און מיט דער סביבה, וואו און ווי אזוי די אינסטיטוציא־נען עקזיסטירען און וואו די ערשיינונגען קומען פאָר.

דער אורטייל, וועלכען די מעטאפיזיקער וועלען ארויסטראַגען, בעטראַכטענדיג די אינסטיטוציאָן אָדער די פאַסירונג מיט זייער מעטאַפיזישער מעטאָדע, וועט גאַנץ אָפט זיין א גאַנץ אַנדערער, ווי יענער אורטייל, וועלכען די דיאַלעקטיקער וועלען אַרויסברייננגען, בעטראַכטענדיג דאָס פון דעם בעוועגונגס־שטאַנדפּונקט, אָנווענ־דענדיג די דיאַלעקטישע מעטאָדע. לאָמיר נעהמען אביישפּיעל:

עס האָט פּאַסירט, אַז ראובן האָט גע׳הרג׳עט שמעון׳ען. ביי־דע, אַ דיאַלעקטיקער און אַ מעטאַפיזיקער, הערען פון דער געשיכ־טע. דער מעטאַפיזיקער וועט זיך ניט שטאַרק נאָכפרעגען ווי אַ ז ו י, אונטער וועלכע אומשטענדען די הריגה איז פאָרגעקומען. פאַר איהם איז דער פאַקט פון הרג׳ענען גופא א מיאוס׳ע רציחה און ער וועט פערדאַמען ראובן׳ען אלס א מערדער.

דער דיאַלעקטיקער וועט אָבער ניט זיין איבעראיילינ מיט זיין אורטייל. ער וועט פריהער זיך ערקונדיגען און אויסגעפינען די בעדינגונגען, אונטער וועלכע די הריגה איז פאָרגעקומען. די הריגה אַן און פיר זיך איז נאָך פאַר׳ן דיאלעקטיקער ניט אַ גענינענדער גרונד צו האַלטען ראובן׳ען פאַר אַ מערדער. עס קען זיין, אז ראובן האָט גע׳הרג׳עט שמעון׳ען מיט א אידעאַליסטישען צוועק, ווי אַ שטייגער סאַזאָנאָוו האָט גע׳הרג׳עט דעם טיראַן פּלעהווע. אין אַזא פאַל דאַרף ראובן ניט פעררעכענט ווערען אלס א רוצח, נאָר אַלס אַ העלד.

טאָלסטאָי, ווי מיר ווייסען, איז אַרויסגעטראַטען אפילו קעגען די רעוואָלוציאָנערע אַטענטאַטען. ער איז געווען אין זיין דענ־קען אַ מעטאַפיזיקער. ער האָט ניט געוואָלט וויסען פון די מאָ־טיווען, וועלכע זיינען געווען בעהאַלטען הינטער די אַטענטאַטען. פאַר איהם איז דער פאַקט פון בלוטפערגיסען גופא, מאכט ניט אויס

ו ו ע ר ו ו ע מ ע ן, געווען אַ רציחה, אונטער אַלע אומשטענ־
דען.

פאַר'ן דיאַלעקטיקער זאָגט נאָך דער פאַקט אַן און פיר זיך גאָר
ניט. דער זעלביגער פאַקט קען אַמאָל זיין די עקעלהאַפטסטע שטי־
קעל ארבייט און קען אַמאָל זיין די גרעסטע, איידעלסטע העלדיש־
קייט.

אַלעס ווענדעט זיך פון די בעדינגונגען, פון דער צייט און פון
דעם אָרט.

די דיאַלעקטישע מעטאָדע, וואָס העגעל האָט איבערגעלאָזען
בירושה צו זיינע תלמידים, האָט ביי מאַרקס'ען געדיענט אַלס דער
שליסעל, ווי אזוי צוצוקומען צו די געהיימניספולע ווינקלען פון
דער היסטאָריע. דאָס איז געווען די ליכט, וואָס האָט געוויזען
דעם וועג צום היסטאָרישען אמת. דאָס איז געווען דער באָדען,
אויף וועלכען עס איז שפעטער אויפגעוואַקסען זיין פילאָזאָפיע פון
דער געשיכטע, וואָס איז בעוואוסט אונטערן נאָמען: „היסטאָרישער
מאַטעריאַליזם".

אין העגעל'ס חדר האָט זיך מאַרקס אויסגעלערנט בעאָבאַכטען,
ז ע ה ע ן פאַסירונגען און אינסטיטוציאָנען. ער האָט דאָרטען גע־
קראָגען די וואַפען, מיט וועלכע איהם איז געוואָרען מעגליך אריינ־
צוקוקען אין דעם מעכאַניזם, וואו מען קען אויסגעפינען די געזע־
צען, לויט וועלכע די געשיכטע געהט איהר מאַרשרוט.

די סאָציאַליסטען, וועלכע האָבען געלעבט ביז מאַרקס'ען, ווי
ראָבערט אָוען, סען סימאָן, פוריע און אַנדערע, זיינען געווען מעטאַ־
פיזיקער אין זייער דענקען. זיי האָבען בעטראַכט די געזעלשאַפט־
ליכע פאַסירונגען און אינסטיטוציאָנען אַן און פיר זיך, ווי זעלבסט־
שטענדיגע, אונאַבהענגיגע ריינגען, וועלכע זיינען צווישען זיך ניט
פערקניפט און פערבייטעלט אין איין סיסטעם. זיי האָבען געזאָגט,
ענטוועדער — אָדער. ענטוועדער גוט, אָדער שלעכט. איז די
אָדער יענע פאַסירונג, די אָדער יענע אינסטיטוציאָן גוט און נוצ־
ליך — איז זי גוט און נוצליך אין א ל ע צייטען און אונטער
א ל ע אומשטענדען; איז זי ווידער איבעריג און שעדליך, מוז
זי זיין איבעריג און שעדליך א ל ע מאָל.

פריוואַט אייגענטום — האָבען זיי געזאָגט — איז אַ שלעכ־
טע אינסטיטוציאָן. זי איז דער קוואַל פון עקספּלואַטאַציע, פון

אונטערדריקונג, און ממילא איז זי שעדליך, און אז זי איז שעדליך מוז זי בעזייטיגט ווערען.

און אזוי זעהען מיר, ווי די אוטאָפּיסטען האָבען זיך אוועק־געלאָזען מאַכען סאציאַליסטישע עקספּערימענטען און אַגיטירען קעגען דעם „משוגעים הויז", ווי ראָבערט אָוען רופט אָן די היינטיגע סיסטעם, וואָס איז געגרינדעט אויף פּריוואַט אייגענטום. זיי זיינען געווען איבערצייגט, אז מען קען שוין, תיכף, אָט גלייך איינפיהרען דעם סאָציאַליזם, קוים וועלען די מענשען נאָר קומען צום שכל, אז אַ סאָציאַליסטישע אָרדנונג איז בעסער, ווי אַ סיסטעם פון פּריוואַט אייגענטום. די אוטאָפּיסטען האָבען זיך ניט גערעכענט מיט דער צייט, זיי האָבען זיך אויך ניט גערעכענט מיט'ן מענשען מאַטעריאַל. זיי האָבען געמיינט, אז אין א ל ע צייטען קען מען גרינדען אַ סאָציאַליסטישען שטאַאַט, און אז א ל ע מענשען קענען זיין זיינע בויער. ביי זיי איז די פראַגע פון סאָציאַליזם געווען אַן אבסטראַקטע, וואָס האָט ניט צו טהאָן מיט די בעדינגונגען פון לעבען.

מיר ווייסען אלע, וואָס עס איז געוואָרען פון אלע סאָציאַליסטישע עקספּערימענטען, וועלכע זיינען געמאַכט געוואָרען, אין ערשטען העלפט פון פאַריגען יאָהר הונדערט דורך די תלמידים פון פוריע און ראָבערט אָוען. זיי האָבען אַלעמען ענטוישט. אנשטאט איינצוואָרצלען זיך אין באָדען, אויסצוואַקסען און ברייננגען סאָציאַליסטישע פרוכט, האָבען זיך אָט די אַלע סאָציאַליסטישע קערנער צושפּרייט, וואוהין דער ווינד האָט זיי פערטראַגען.

מאַרקס האָט אָבער אָנגעווענדעט די דיאַלעקטישע מעטאָדע און ער האָט דעריבער ניט בעטראַכט די אינסטיטוציאָנען פון פּריוואַט אייגענטום און דעם סאָציאַליזם ווי זאַכען, וועלכע האָבען ניט צו טהאָן מיט די אַרומיגע בעדינגונגען. ער האָט זיי אויסגעפאָרשט אין צוזאמענהאַנג מיט די ענדערונגען אין לעבען. פאַר איהם איז סאַציאַליזם ניט געווען אָדער אינגאַנצען שלעכט, אָדער אינגאַנצען גוט, נור א נ ד ע ר ע מאָל גוט, א נ ד ע ר ע מאָל שלעכט. דאָס ווענדעט זיך פון די בעדינגונגען. ער האָט פערשטאַנען, אז אויב סאַציאַליזם איז גוט, הייסט נאָך ניט, אז ער איז אונטער אַלע אומשטענדען גוט, און אויב פּריוואַט אייגענטום איז שלעכט, הייסט נאָך ניט, אז ס'איז אלע מאָל שלעכט.

ער האָט געוואוסט, אַז אַ סאָציאַליסטישע אָרדנונג קען מען בויען ניט א ל ע מאָל, נאָר אין אַ געוויסער צייט, און ניט אַ ל ע מענשען קענען איהר בויען, נאָר אַ ג ע ו ו י ס ע ר קלאַס מענשען, און דורך דעם איז ביי איהם דער סאָציאַליזם געווען ניט בלויז אַ געפיהל זאַך, אַן עטישע שטרעבונג, ווי ביי די אויטאָפּיסטען, נאָר אַ היסטאָרישע נויטווענדיגקייט, אַ מדרגה, צו וועלכער די געזעלשאַפט מוז זיך דערשלאָגען אויף איהר ענטוויקלונגס וועג.

ו ו ע ן קען איינגעפיהרט ווערען די סאָציאַליסטישע אָרדנונג? ו ו ע ר קען איהר איינפיהרען? אויף די דאָזיגע פראַגען האָט מאַרקס אין העגעל'ס פילאָזאָפיע קיין ענטפער ניט געקראָגען. אין דעם האָט איהם אויסגעהאָלפען די מאַטעריאַליסטישע נאַטור פילאָזאָפיע.

דער מאַטעריאַליזם גלויבט ניט אין געטער, אין גייסטער, אין אידעען, וועלכע זיינען למעלה מן הטבע, וועלכע שטעהען ה ע כ ע ר אָדער א י ב ע ר דער נאַטור. דער מאַטעריאַליזם רעכענט זיך נאָר מיט זאַכען, וועלכע מען קען משיג זיין מיט אונזערע חושים. ער בעטראַכט די וועלט ניט אַלס אַן ארבייט פון אַ געוויסען שעפער, וועלכער האָט פריהער אָנגעצייכענט אַ פּלאַן און דערנאָך דעם פּלאַן דורכגעפיהרט, נור אַלס אַ רעזולטאַט פון בלינדע נאַטור־פּראָצעסען. עס איז פאַראַן עפּעס, אַ מין אונבעוואוסטער „עטוואַס", וואָס מען קען דאָס רופען מיט'ן נאָמען „וועלט סובסטאַנץ". דיעזע וועלט סובסטאַנץ ענטפּלעקט זיך פאַר אונז אין פערשיעדענע פאָרמען. זי פערנעהמט אַ פּלאַץ און האָט אויך געוויסע אונזעהבאַרע כעמישע און פיזישע אייגענשאַפטען, ווי מאַגנעטיזם, עלעקטריציטעט, ליכט, וואַרימקייט, א. ז. וו. אויב מיר בעטראַכטען די וועלט סובסטאַנץ פון דעם שטאַנדפּונקט פון אָרט, פון אויסדעהנונג, איז זי פאַר אונז אַ מאַטעריעלע, אַ ממשות'דיגע זאַך; בעטראַכטען מיר איהר פון דעם שטאַנדפּונקט פון איהרע קרעפטען, וואָס זי ווייזט אַרויס, איז זי פאַר אונז אַ גייסטיגע, רוחניות'דיגע, אַ ניט־ממשות'דיגע סובסטאַנץ.

מאַרקס'עס מאַטעריאַליסטישע אויפפאַסונג אונטערשיידעט זיך פון דעם מאַטעריאַליזם, וואָס איז געפּערדיגט געוואָרען פון די מאַטעריאַליסטען אין 18־טען און אָנפאַנג 19־טען יאָהר הונדערט,

ווי האלבאך העלוועלציוס פון איין זייט און בוכנער, פאָגט, מאָלע־שאָטט פון דער צווייטער זייט.

די מאַטעריאַליסטען פון 18 טען יאהרהונדערט האָבען נאָך ניט געוואוסט פון דער ענטוויקלונגס לעהרע. זיי האָבען בעטראַכט די נאַטור, ווי א סך הכל פון זעלבסטשטענדיגע זאַכען, וועלכע האָבען צווישען זיך קיין שייכות ניט. די נאַטור, מיט אַלץ וואס אין איהר איז פאַראַן, איז פאר זיי א פערגליווערטע זאַך, וואס ענדערט זיך ניט. (דערפון נעהמט זיך אויך די מעטאַפיזישע מעטאָדע פון דענ־קען.) אויסער דעם זיינען יענע מאַטעריאַליסטען געוועזן כופרים בעיקר. זיי האָבען אין גאַנצען חוזק געמאַכט פונ׳ם גייסט. א גייסט, האָבען זיי געזאָגט, איז איבערהויפּט ניט פאַראַן. דאָס איז ניט מעהר ווי אַן אויסגעטראַכטע זאַך. דאָס וואָס מיר רופען אָן גייס־טיגע ערשיינונגען, איז ניט מעהר ווי א מאַניפעסטאַציע פון דער ממשות׳דיגער מאַטעריע. עס איז נור פאַראַן מאַטעריע, גשמיות, וואָס בעזיצט געוויסע אייגענשאַפטען, ווי בעוועגונג, עלעקטריצי־טעט, וואַרעמקייט, א. ז. וו. די גייסטיגע ערשיינונגען זיינען נור א געוויסע פאָרם פון דער מאַטעריע׳ס בעוועגונג. די מאַטעריע גופא איז ניט גייסטיג, דענקט ניט, האָט ניט קיין ווילען, האָט ניט קיין נשמה. זי איז ניט מעהר ווי א צוזאַמענזעצונג פון טויטע אַטאָמען. די צוזאַמענזעצונג, די אָרגאַניזאַציאָן פון אָט די אַטאָמען, איז אויך די אורזאַכע פון די אַזוי גערופענע „גייסטיגע ערשיינונגען" — פון דעם דענקען, ערקענען, פיהלען — פון דעם, וואָס מיר רופען אָן „נשמה". לויט דער מיינונג פון אָט די מאַטעריאַליסטען איז דער גייסט ניט מעהר ווי א געוויסע פאָרם פון דער טויטער מאַטעריע, אָבער זי ליגט ניט אין דעם עצם, אין דער מאַטעריע גופא. אויב די מאַטעריע איז ניט אָרגאַ־ניזירט אויף א געוויסען אופן, פערמאָגט זי אויך ניט קיינע גייס־טיגע אייגענשאַפטען. עס קומט בכן אויס, אז דער גייסט, די נשמה, ענטשטעהט נאָר דעמאָלט, ווען ס׳איז פאַראַן א געוויסער סכום, א סך הכל פון אַטאָמען, אָבער יעדער אַטאָם בעזונדער האָט ניט קיין גייסט.

מאַרקס האָט געלעבט אין איין צייט מיט דאַרווין און איז גע־ווען א גרויסער אָנהענגער פון עוואָלוציאָן, פון ענטוויקלונג. פאר איהם איז די נאַטור ניט א סך הכל פון פערגליווערטע זאַכען, נור

פון פראַצעסען, פון עפּעס אַזוינס, וואָס האָלט זיך שטענדיג אין ענט־וויקלען, און ענדערען זיך.

אַלס עוואָלוציאָניסט איז מאַרקס מעהר נוטה צו דער אויפפאַ־סונג פון די מאָניסטען־מאַטעריאַליסטען, וועלכע מיינען, אַז די מאַ־טעריע גופא איז בעגייסטערט. זיין אַנשויאונג איז ענליך צו דער אַנשויאונג פון די נאַטור פילאָזאָפען, וועלכע בעהויפּטען, אַז עס איז ניטאָ קיין טויטע מאַטעריע אָהן גייסט, פונקט אַזוי ווי עס איז ניטאָ קיין גייסט אָהן מאַטעריע.

„איך קען ניט" — זאָגט דער בעריהמטער נאַטורפאָרשער ערנסט העקעל — „קיין טויטע און רויהע מאַטעריע, איך קען ניט קיין סובסטאַנץ, וואָס זאָל ניט פיהלען, וואָס זאָל ניט האָבען א חוש, א השגה".

די פעהיגקייט צו זיין גייסטיג ליגט אינ'ם עצם פון דעם אַטאָם גופא. דען אויב יעדער אַטאָם בעזונדער וואָלט זיין טויט און ניט האָבען א בעוואוסטזיין, וואָלט אַן אָרגאַניזאַציע, א סך הכל פון די אַטאָמען, אויך ניט האָבען א בעוואוסטזיין. אונ־זער מאַרך, וואָס איז ניט אַנדערש ווי א געוויסע אָרגאַניזאַציע פון אַטאָמען, וואָלט ניט קענען אַרויסווייזען קיינע גייסטיגע איי־גענשאַפטען.

די מאָניסטען־מאַטעריאַליסטען גערען דעריבער אַרויס פון דעם שטאַנדפונקט, אַז אין דער בריאה איז נור פאַראַן איין פּרינציפּ, איין סובסטאַנץ — ד י  ו ו ע ל ט  ס ו ב ס ט א נ ץ, און אָט די וועלט סובסטאַנץ האָט צוויי זייטען, צוויי פאָרמען, א מאַטע־ריעלע און אַ גייסטיגע אין דער אייגענער צייט. די מאַטעריע און גייסט זיינען צוויי צורות אין איין גוף. „גייסט און מאַטעריע זיינען צוויי אַטריבוטען פון דער וועלט סובסטאַנץ". א פערענ־דערונג אין דער מאַטעריע פעראורזאַכט אויך אַ פערענדערונג אין גייסט. און אויב מיר זעהען, אַז עס איז פאָרגעקומען א פערענ־דערונג אין גייסט איז א סימן, אַז עס איז אויך פאָרגעקומען א פערענדערונג אין דער מאַטעריע.

די מאָניסטישע אַנשויאונג איז, ווי מיר זעהען, ניט מאַטע־ריאַליסטיש אין דעם איינפאַכען זין. מען קען זי אָנרופען אידעאַ־ליסטיש אַזוי גוט ווי מאַטעריאַליסטיש. זי אַנערקענט גייסט צוגלייך מיט מאַטעריע און איז ניט מסכים מיט די אַלטע מאַטע־

ריאַליסטען, אַז די וועלט איז גאָלע גשמיות. זי איז אָבער מאַטעריאַליסטיש אין דעם פּרט, וואָס זי האַלט ניט פון געטער, פון גייסטער, פון לעבענס קרעפטען, אַלס זעלבסטשטענדיגע כחות, וואָס זיינען ניט פערבונדען מיט דער גשמיות'דיגער נאַטור.

די מאָניסטישע אויפפאַסונג אַנערקענט נ ו ר די איינציגע אויסערליכע נאַטור און ניט קיין אַנדערע קרעפטען. די נאַטור איז אין דער אייגענער צייט אי גייסט אי מאַטעריע. די נשמה פון מענשען איז ניט אַ זעלבסטשטענדיגער כח, וואָס איז פעראייניגט מיט'ן גוף און ליגט ניט אונטער די נאַטור־געזעצען, אונטער וועלכע דער קערפּער איז אונטערגעוואָרפען. די נשמה איז אונטיילבאַר פון גוף. דער מענש, די מענשליכע סובסטאַנץ איז נשמה און גוף צוזאַמען. אַ פערענדערונג אין גוף רופט אַרויס אַ פערענדערונג אין דער נשמה, אין גייסט. דער גוף און די נשמה זיינען איינע און די זעלבע (אידענטיש). אויב מיר דענקען אַנדערש, ווי פריהער, איז מסתמא דער קערפּער געבוי (ד. ה. די צעלען פון אונזער מח) אין אַ געוויסען פּרט אַנדערש, ווי פריהער. אויב צוליעב די אויסערליכע איינדרוקען פון דער אַרומיגער סביבה בעוועגען זיך די צעלען פון אונזער מארך אַנדערש — מוזען מיר אָנפאַנגען צו דענקען אַנדערש.

דער פאָטער פון דער דאָזיגער אויפפאַסונג איז געווען דער בעריהמטער אידישער פילאָזאָף ברוך שפּינאָזאַ, וואָס האָט בעהויפּטעט, אַז גאָט און נאַטור איז איינס. וואו גאָט, דאָרטען די נאַטור, און וואו די נאַטור — דאָרטען גאָט. אַלעס איז געטליך, אַזוי ווי אַלעס איז נאַטירליך.

מאַרקס איז געווען אין זיין וועלט אויפפאַסונג אַ נאָכפאָלגער פון שפּינאָזאַ'ס פּאַנטהעאיזם. אין דער לעצטער צייט האָט דיזע אנשויאונג, אַ דאַנק די גרויסע פאָרשונגען פון די דאַרוויניסטען און איבערהויפּט ערנסט העקעל, בעקומען אַ שטאַרקען נאַטור־ווירסענשאַפטליכען יסוד.

דורך דער מאָניסטיש־מאַטעריאַליסטישער וועלט אויפפאַסונג האָט אויך די דיאַלעקטישע מעטאָדע פון דענקען, וואָס מאַרקס האָט געלערנט ביי העגעל'ן, געקראָגען אַן אַנדער פּנים.

העגעל איז געווען אין דער פילאָזאָפיע אַן אידעאַליסט פון ריינעם וואַסער. ער האָט געהאַלטען, אַז עס איז פאַראַן אין דער

יצירה אן „אבסאָלוטע אידעע", אַ גייסטיגעס עטוואָס, און אַז די וועלט מיט אַלע איהרע ווידערשפּרוכען און כחות איז ניט אנדערש ווי אַ פּערקערפּערונג פון אָט דער אבסאָלוטער אידעע. די אידעע איז, לויט העגעל'ס אנשויאונג, געוועזען פריהער, און די וועלט איז שפּעטער בעשאַפען געוואָרען אין הסכם מיט דער אידעע. די אויסערליכע וועלט איז אַן אָבשפּיגלונג פון דער אי־דעע. אויב די וועלט האַלט זיך אין ענטוויקלען, איז דאָס דערפאַר, ווייל די אידעע — די מוטער פון דער וועלט, ענטוויקעלט זיך. און אויב די ענטוויקלונג פון דער וועלט קומט פאָר דיאַלעקטיש, מאַכט דורך פערשידענע שטופען, איז דאָס דערפאַר, ווייל די אידעע ענטוויקעלט זיך דיאַלעקטיש. מיר דענקען דיאַלעקטיש און במילא איז אויך די אויסערליכע וועלט דיאַלעקטיש.

מאַרקס, אַלס אַ מאָניסט־מאַטעריאַליסט, האָט ניט געגלויבט אין אידעען, וועלכע עקזיסטירען הינטער די קוליסען פון דער וועלט און ווען דאָס גייסטיגע לעבען — דאָס דענקען און די אוי־סערליכע פּאַסירונגען ענטוויקלען זיך דיאַלעקטיש, איז דאָס ניט דערפאַר, ווי העגעל נעהמט אָן, ווייל די וועלט אידעע איז דיאַלעק־טיש, נאָר, ווייל די פּאַסירונגען זיינען גופא דיאַלעקטיש.

ביי העגעל'ען איז די וועלט אַן אָבשפּיגלונג פון דער אידעע, ביי מאַרקס'ען איז די אידעע אַן אבשפּיגלונג פון דער וועלט. הע־געל זאָגט, די וועלט איז דיאַלעקטיש, ווייל מיר דענקען דיאַלעק־טיש. מאַרקס זאָגט, מיר דענקען דיאַלעקטיש, ווייל די וועלט איז דיאַלעקטיש. ביי העגעל'ען איז די אידעע די סבה און די אויסער־ליכע וועלט: די נאַטור און געזעלשאַפט, אַ יוצא, ביי מאַרקס'ען איז די אויסערליכע וועלט די סבה און די אידעע, די געדאַנקען־וועלט, אַ יוצא. „ביי העגעל'ען, ווי מאַרקס דריקט זיך אויס, איז די דיאַלעקטיק געשטאַנען מיט'ן קאָפּ אַראָב". ער, מאַרקס, האָט די דיאַלעקטיק איבערגעשטעלט מיט'ן קאָפּ אַרויף.

די נאַטור פילאָזאָפען ביז מאַרקס'ען זיינען געוועזען מאַטעריאַ־ליסטען־מעטאַפיזיקער; העגעל איז געוועזען אַן אידעאַליסט־דיאַלעק־טיקער און קאַרל מאַרקס איז געוועזען אַ מאַטעריאַליסט־דיאַלעקטיקער, אָדער אַ דיאַלעקטיקער מאַטעריאַליסט.

בעוואָפענט מיט דער דיאַלעקטישער מעטאָדע פון איין זייט און מיט דער מאָניסטיש־מאַטעריאַליסטישער וועלט אויפפאַסונג

פון דער צווייטער זייט, האָט מארקס שפּעטער ענטדעקט דעם גע־היימניספולען מעכאניזם, ווי אזוי די מענשליכע געזעלשאפט ענט־וויקעלט זיך.

ניט די דיאלעקטיק און ניט די מאַניסטיש־מאַטעריאַליס־טישע פילאָזאָפיע זיינען ערפונדען געווארען דורך מארקס'ען. מארקס'עס אויפטהו בעשטעהט אין דעם, וואָס ער האָט דורך זיי בעשאפען די פילאָזאָפיע דער געשיכטע.

מארקס איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט דעם מאַטעריאַ־ליזם אָנגעווענדעט צו די היסטאָרישע פאסירונגען.

מארקס' אויפטהו בעשטעהט אינ'ם היסטאָרישען מאַטעריאַליזם.

---

די מענשליכע געשיכטע איז ניט אַנדערש, ווי א קייט פון פערענדערונגען. איין אינסטיטוציאָן ווערט פערביטען אויף א צווייטע אינסטיטוציאָן; איין געזעץ — אויף א צווייטען געזעץ; איין פּאָליטישע פאָרמע — אויף א צווייטע פּאָליטישע פאָרמע.

אינסטיטוציאָנען, געזעצען און פּאָליטישע פאָרמען קענען זיך נור ענדערן, ווען די מענשען ווילען, זיי זאָלען זיך ענדערן. יעדער אַקט, יעדע טהאַט מוז פריהער דורכגעהן דורכ'ן מח. ניט די פריהערדיגע פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן און ניט די איצטיגע רו־סישע רעוואָלוציאָן וואָלטען פאָרגעקומען, ווען מענשען וואָלטען זיי ניט געמאַכט; און מענשען האָבען זיי געמאַכט, ווייל זיי האָ־בען געוואָלט עס מאַכען. זיי האָבען געוואָלט, ווייל זיי האָ־בען געדענקט, אז א דעמאָקראַטישע רעפובליק איז בעסער ווי א מאָנאַרכיע. כל זמן די מענשען האָבען געדענקט, אז א מאָ־נאַרכיע איז די פּאַסענדסטע פאָרמע פון דער רעגיערונג, האָבען זיי, פערשטעהט זיך, קיין רעוואָלוציאָן ניט געמאַכט. די רעוואָ־לוציאָן איז פאָרגעקומען נאָר דעמאָלט, ווען די מאָנאַרכיסטישע מיינונגען און איבערצייגונגען האָבען זיך געביטען אויף דעמאָקראַ־טישע.

עס פרעגט זיך אָבער, ווי אזוי הויבען מענשען אָן צו דענקען אנדערש, ווי פריהער? פאר וואָס, למשל, האָבען די פראַנצויזען פון 18־טען יאָהר הונדערט און די רוסען אין 20־טען יאָהרהונדערט געקראָגען דעמאָקראַטישע איבערצייגונגען, וועלכע זיינען פריהער ביי זיי ניט געוועזן?

די אידעאַליסטען אין דער פילאָזאָפיע, די יעניגע, וועלכע אנערקענען א בעזונדערע נשמה, א רוחניות, אָבגעטיילט פון גשמיות, האָבען דערויף א פארטיגען תירוץ: דער ג י י ס ט האָט זיך געענדערט. דער גייסט איז א זעלבסט שטענדיגע זאַך און ער האָט אָנגעפאנגען אנדערש צו דענקען, ווי פריהער. די יעניגע, וועלכע האַלטען, אז דער גייסט איז אַ טייל פון דער געטליכקייט, א חלק אלוה ממעל, מאַכען זיך גאָר לייכטער און זאָגען, אז די מענשען פאַנגען אָן אַנדערש צו דענקען, ווייל גאָט וויל אזוי. גאָט רעגירט מיט דעם מענשען׳ס ווילען און פערלאַנגען און במילא אויך מיט זיינע מעשים, מיט זיינע האַנדלונגען.

דער מאַטעריאַליזם*) האַלט אָבער ניט, אַז דער גייסט איבט אוים א ווירקונג אויף׳ן כח. דער מאַטעריאַליזם האַלט, אַז יעדער, אזוי צו זאגען, גייסטיגער פּראָגרעס, מוז זיין א רעזולטאַט פון א געוויסער ענדערונג אין דער מאַטעריע, אין אונזער פאַל, אין דעם מאַטעריעלען, ממשות׳דיגען מאַרך, אין די מאַרך־צעלען. אויב מענשען פאַנגען אָן אנדערש צו דענקען, טו איז מסתמא פאָרגעקומען אַן ענטשפּרעכענדע ענדערונג אין די מאַרך־צעלען פון זייערע קעפּ. די ענדערונגען אין די מאַרך־צעלען זיינען ריינע מאַטעריעלע און האָבען געקענט פאָרקומען בלויז א דאנק די איינדרוקען פון דער אויסען־וועלט — פון דער סביבה. די סביבה, די אומגעבונג, בעשאפט, בכן, די איבערצייגונג ביים מענשען. יעדער מענש איז א קינד פון זיין סביבה. א גוטע סביבה — גוטע מענשען; א שלעכטע סביבה — שלעכטע מענשען.

ווי אזוי ענטשטעהט אָבער די סביבה גופא? וועלכע פאַקטאָרען און כחות האָבען אויף איהר א ווירקונג? דורך וועלכע

---

*) מיר מיינען דאָ דעם מאָניסטישען מאַטעריאַליזם.

סבות ענדערט זיך די סביבה? פאר וואָס האָט די פריהערדיגע רוסישע סביבה איינגעפלאַנצט אין דעם רוסישען פאָלק מאָנאַרכיסטישע איבערצייגונגען און די איצטיגע סביבה פלאַנצט איין דעמאָקראַטיש־רעפובליקאַנישע איבערצייגונגען?

די דאָזיגע פראגען שליסען שוין מיט זיך גופא אוים די ענטפערס, וואס מאַנכע גיבען, אז דער מענשליכער גייסט און זיינע איבערצייגונגען זיינען אָבהענגיג פון די ארומיגע נאַטירליכע בעדינגונגען, ווי, א שטייגער, פון קלימאַט, באָדען, לופט בעוועגונגען, וואַסער וועגען א. א. וו.

עס איז געוויס אמת, אז די אויסערליכע נאַטור לייגט איהר שטעמפעל אויף די סביבה און גיט א ריכטונג דער פסיכאלאָגיע פון איינציגען מענשען און ממילא דער אידעאלאגיע פון דער געזעלשאפט.

די אויסערליכע נאַטור איז דאָך אָבער שטענדיג, אלע מאָל (מיט קליינע אויסנאַהמען) דיזעלביגע און זי קען דעריבער ניט ארויסרופען פערענדערונגען אין דער סביבה און אין דער אידעאלאָגיע. מיר זוכען דאָ די סבות פון דער היסטאָריע, פון דער ענטוויקלונג, פון דעם אַנדערש ווערען.

מארקס האָט געענטפערט — און אין דעם בעשטעהט זיין גרויסער פערדינסט—אז די אַרומיגע סביבה, וואו דער מענש ווערט ערצויגען און וואו ער קריגט זיינע איבערצייגונגען, ווערט געשאַפען דורך דעם צושטאַנד פון די פראָדוקטיווע קרעפטען, וועלכע הערשען אין דער אָדער יענער צייט.

אונטער די „פראָדוקטיווע קרעפטען” פערשטעהט מען דעם צושטאַנד פון דער טעכניק און די אופנים פון דעם מענשליכען צוזאמענאַרבייטען.

אָט די פראָדוקטיווע קרעפטען — לערנט אונז מארקס — זיינען די ערשטע אורזאַכען פון די פאַרענדערונגען אין געזעלשאפטליכען לעבען — פון דער געשיכטע. די פראָדוקטיווע קרעפ־

טען שאפען די סביבה, די סביבה פלאנצט איין די איבערצייגונ־גען, די איבערצייגונגען שאפען די געזעצען, די אינסטיטוציאָנען, די פאָרמען פון קונסט און אַלע אנדערע גייסטיגע אוצרות פון די מענשען.

די בעדערפענישען פון די מענשען ווערען וואס ווייטער אלץ גרעסער. זיי ווערען גרעסער צוליעב צוויי זאכען. ערשטענס צו־ליעב דעם, ווייל די מענשען ווערען מעהר אין צאָהל, און צוויי־טענס צוליעב דעם, ווייל זיי ווערען ענטוויקעלטער און זייערע קול־טורעלע בעדערפענישען ווערען גרעסער. די נויט צו בעפרידיגען די בעדערפענישען טרייבט די מענשען איסצובעסערען זייער טעכ־ניק, זייערע אינסטרומענטען און מאשינעס — די פראדוקטיווע קרעפטען. מיט דער ענדערונג פון די פראדוקטיווע קרעפטען קומט אויך פאָר א פערענדערונג אין די שייכות צווישען מענשען, אין די געזעצען, אינסטיטוציאנען, פאָליטישע פארמען, א. א. וו.

נו, פרעגט מען: פאר וואס וויל מארקס האָבען, אז דוקא די פראדוקטיווע קרעפטען רופען ארויס די פערענדערונגען, אפשר קו־מען פאָר די פערענדערונגען אין דער געשיכטע צוליעב דעם צו־וואקס פון דער בעפעלקערונג גופא? איהר זאגט דאָך אליין, אז די בעפעלקערונג ווערט גרעסער, ד. ה. זי ענדערט זיך, טאָ פאר וואס זאלען מיר טאַקי ניט צושרייבען די פערענדערונגען אין דער גע־שיכטע אָט טאַקי די פערענדערונגען אין דער בעפעלקערונג? צו וואס אָנקומען צו די „פראָדוקטיווע קרעפטען"?

דער תירוץ איז גאנץ איינפאך. די געשיכטע ענדערט זיך ניט נור אין כמות (קוואַנטיטאטיוו), נור אויך אין איכות (קוואליטאַ־טיוו) און די סבות, וועלכע רופען ארויס די פערענדערונגען, מוזען במילא אויך זיין אזעלכע, וואס ענדערן זיך אויך קוואליטאטיוו. דער צוואוואקס פון דער בעפעלקערונג אליין קען שוין דעריבער ניט אָנ־גענומען ווערען פאר די הויפט סבה פון דער ענטוויקלונג, ווייל דער צוואוואקס פון דער בעפעלקערונג איז בלויז א קוואנטיטאטיווע ענ־דערונג. די פראדוקטיווע קרעפטען ענדערן זיך אָבער סיי אין כמות, סיי אין איכות און במילא בעטראַכט זיי מאַרקס פאר די הויפט בע־וועגער פון דער געשיכטע.

און וויסענדיג, אז די פּראָדוקטיווע קרעפטען זיינען די אור־זאכען פון די פערענדערונגען אין דער געשיכטע, האָט מארקס ניט נאָר אויסגעפונען, אז דאָס געזעלשאפטליכע סיסטעם, וואָס וועט זיך ענטוויקלען פון דעם איצטיגען צושטאנד, וועט זיין אַ סאָציאליסטישע, נאָר ער האָט אויך אויסגעפונען די צ י י ט, ו ו ע ן דער סאציאליסט קען קומען און דורך ו ו ע מ ע ן ער קען קומען.

מען ווארפט פאָר מארקס'ען, אז ער בעטראַכט די געשיכטע, ווי עפּעס אַ זאַך, וואָס איז שוין פון פריהער אָן אָנגעשריבען און פער'חתם'ט און אז די מענשען זיינען ביי איהם ניט מעהר, ווי סאָלדאטען, וועלכע האָבען ניט קיין אייגענעם ווילען און ווערען געטריבען צו ערפילען אונבעוואוסט די געבאָטען פון די פּראָדוק־טיווע קרעפטען.

אזא פארוואורף איז אין גאנצען אונבעגרינדעט. קיינער גיט ניט צו אזא גרויסע בעדייטונג דעם מענשליכען אינטעלעקט ווי מארקס. קיינער גיט ניט צו אזא מאַכט דעם מענשליכען ווילען. די מענשליכע איבערצייגונגען, ווי מארקס. מארקס'עס לעהרע איז ניט אַנדערש, ווי אַן ערקלעהרונג פאר וואס דענקען מענשען אזוי און ניט אַנדערש, פאר וואס זיינען מענשען אַנדערש איבערצייגט היינט, ווי זיי זיינען געווען מיט אייניגע הונדערט יאָהר צוריק? פאר וואס ווילען מענשען היינט האָבען אנדערע אינסטיטוציאָנען, אנדערע געזעצען, ווי אמאָל?

ביי מארקס'ען זיינען די געשיכטליכע פאסירונגען ניט צו־פעליגע, וועלכע קענען זיין און קענען ניט זיין, איבער וועלכע דער מענש קען קיין שליטה ניט האָבען, נאָר רעגעלמעסיגע רע־זולטאטען פון די מענשענ'ס האנדלונגען און פערלאנגען און ממילא קען דער מענש אליין נעהמען זיין מזל צו זיך אין די הענד. די היסטאָריע קומט פאָר לויט געוויסע געזעצען, וועלכע די מענשען פיהרען דורך, און מארקס'עס גרויסער פערדיענסט בעשטעהט אין דעם, וואס ער האָט אָט די געזעצען ענטדעקט.

אין קורצען קען מען זיך פאָרשטעלען דעם געדאנקען גאנג פון מארקס'ען אזוי:

דער צושטאַנד פון דער היינטיגער טעכניק קאָנצענטרירט מאַסען ארבייטער צוזאמען. די ארבייט איז אזוי צוטיילט, אז יעדער ארבייטער פערלירט זיין אינדיווידואַליטעט, זיין פערזענליכקייט. די פּראָדוקטען ווערען געשאַפען אויפ'ן מעכאַנישען שטייגער. היינטיגע פּראָדוקציאָן איז אַ קאָלעקטיווע, ניט קיין אינדיווידואַליסטישע. די קאָלעקטיווע פּראָדוקציאָן בעשאַפט ביי די אנטייל נעהמער אין דער פּראָדוקציאָן — ביי די ארבייטער — קאָלעקטיווע איבערצייגונגען, סאָציאַליסטישע איבערצייגונגען און אַט די איבערצייגונגען פיהרען צו אַן איבערקעהרעניש אין די געזעצען און אינסטיטוציאָנען. ווען די פּראָדוקטיווע קרעפטען זיינען אזוי ווייט ענטוויקעלט, דאָס דער אינדיווידואום אלס אַן ארבייטער שפּיעלט אין די מעהרסטע צווייגען פון דער פּראָדוקציאָן קיין ראָלע ניט, ווען זיין אונטערנעהמונגס גייסט איז איבעריג, ווען זיין גאַנצע ראָלע אין לעבען איז ניט מעהר ווי פון אַ פערקויפער פון ארבייטס קראַפט, — דעמאָלט קומט די איבערקעהרעניש, די אזוי גערופענע סאָציאַלע רעוואָלוציאָן, וואו די געזעצען און אינסטיטוציאָנען וועלען ווערען צוגעפּאַסט צו די אינטערעסען פון די ארבייטער.

אויף דער פראַגע, ו ו ע ן קומט דער סאָציאַליזם? ענטפערט מאַרקס, אַז דער סאָציאַליזם וועט קומען, ווען די פּראָדוקטיווע קרעפטען וועלען דערגרייכען אזא הויכע שטופע פון ענטוויקלונג, דאָס אַלעס, אָדער כמעט אַלעס וועט ווערען געשאַפען אויפ'ן מעכאַנישען אופן, און דער אינדיווידואום אלס אַן אונטערנעהמער וועט זיין איבעריג.

אויף דער פראַגע ו ו ע ר וועט בריינגען דעם סאָציאַליזם? ענטפערט מאַרקס, אַז פון אַלע קלאַסען אין דער געזעלשאַפט קען נור דער ארבייטער קלאַס בריינגען דעם סאָציאַליזם, ווייל דער ארבייטער קלאַס געפינט זיך אין דער סביבה פון דער קאָלעקטיוויסטישער פּראָדוקציאָן, וואס איז געשאַפען געוואָרען דורך די פּראָדוקטיווע קרעפטען, און במילא ווערט ער דורכגעדרונגען מיט דער פּסיכאָלאָגיע, מיט די איבערצייגונגען, אַז די איצטיגע אָרדנונג איז איבעריג און שעדליך פאַר די נוצען פון די ארבייטער, וועלכע קענען שוין זייער שטעדטעל בעשטעהן פאַר זיך, אָהן

די הילף פון פריוואט אונטערנעהמער, וואס נעהמען זיך צו די פרוכט פון אנדערענס ארבייט.

מארקס'עס פילאָזאָפיע, ווי מיר האָבען געזעהן, איז דיזעל־ביגע, צו וועלכער די אַלע נאטור פארשער פון דארווין'ס שוהל, זיינען געקומען. מאַרקס'עס ענטדעקונג גופא קען בעטראכט ווע־רען אלס א פאָרטזעצונג פון דארווין'ס ענטדעקונג אין דער ביאָ־לאָגיע. דאַרווין האָט פאר אונז ענטפלעקט די געזעצען פון דער נאַטור; מאַרקס — די געזעצען פון דער געזעלשאַפט. דאַרווין האָט אונז געוויזען די אורזאכען, דורך וועלכע דער מענש האָט זיך ענטוויקעלט פון א שטיקעל פראָטאפלאזמא; מאַרקס האָט אונז אָנגעוויזען אויף די אורזאַכען, דורך וועלכע די געזעלשאפט וועט פון איהר ווילדען צושטאַנד עררייכען די העכסטע פערפאָלקאָמונג און ענטוויקלונג. דאַרווין לייגט אלס יסוד פאר דער עוואָלוציאָן אין דער נאַטור דעם קאמפף אום'ס דאַזיין. מאַרקס לייגט אויך א קאמפף אום'ס דאַזיין אַלס דעם יסוד פאר דער עוואָלוציאָן אין דער געזעלשאַפט. דאַרווין בעשעפטיגט זיך מיט דעם מענשען אַלס א פיזיאָלאָגישע איינהייט; מאַרקס בעשעפטיגט זיך מיט איהם ווי מיט אַ טייל פון דער געזעלשאַפט. דאָרטען וואו דאַרווין ענדיגט, פאַנגט מאַרקס אָן. דער קאמפף אום'ס דאַזיין, וואס האָט לויט דאַרווין'ען דעם מענש געמאַכט פאַר'ן קרוין אין דער נאַ־טור, פאַר'ן קעניג איבער אַלע חיות און עופות, טרייבט, לויט מאַרקס'ען, אויסצובעסערען די פראָדוקטיווע קרעפטען און יעדע ענדערונג אין די פראָדוקטיווע קרעפטען רופט אויך ארויס ענדע־רונגען אין די פּאָליטישע און קולטורעלע פאָרמען פון א געוויסער עפּאָכע.

די ענדערונגען אין די פראדוקטיווע קרעפטען קומען פאר א צייט פריהער, ווי די ענטשפרעכענדע ענדערונגען אין די פּאָ־ליטישע און קולטורעלע פארמען. עס דויערט א היבשע צייט, אײידער אלע מענשען ווערען געצוואונגען אָנצונעהמען די פאָדערונ־

גען, וועלכע די פערענדערטע פּראָדוקטיווע קרעפטען האָבען גע־שאַפען. אין דער צייט, ווען די נייע פּראָדוקטיווע קרעפטען נויטיגען זיך שוין אין א נייער פּאָליטישער פאָרמע, הערשט נאָך די אַלטע פּאָליטישע פאָרמע אויפ׳ן סמך פון איהר חזקה. עס קומט דאָ פאָר א ווידערשפּרוך צווישען די פאָדערונגען פון די נייע פּראָדוקטיווע קרעפטען און דער אַלטער אָבגעלעבטער פּאָליטישער אָרדנונג.

דיזער ווידערשפּרוך איז דאָס דער קלאַסען־קאַמפּף פון דער געשיכטע.

די סאָציאַליסטישע בעוועגונג שטיצט זיך אויף אַ גאַנצע רייהע געזעלשאַפטליכע און עקאָנאָמישע לעהרען, וועלכע זיינען בעקאַנט אַלס די „טהעאָריע" אָדער „פילאָזאָפיע" פון סאָציאַליזם.

די טהעאָריע פערנעהמט אַן אָנגעזעהענעם פּלאַץ אין דעם מאָדערנעם סאָציאַליזם. זי גיט צו אַ וויסענשאַפטליכען כאַראַקטער צו דער בעוועגונג, פאָרמולירט איהרע ציעלען און העלפט קלאָרער מאַכען איהרע מעטהאָדען. אבער ניט קוקענדיג דערויף ווערט דער סאָציאַליזם ניט גענויסטען מיט טהעאָרעטישע לעהרען אין דעם זין, ווי דאָס ווערט געטהאָן מיט אבסטראַקטע וויסענשאַפט אָדער פילאָזאָפיע. די סאָציאַליסטישע בעוועגונג איז ניט ענטשטאַנען פון פילאָזאָפישע לעהרען און איהר שיקזאַל איז אויך ניט אין גאַנצען אבהענגיג פון דער ריכטיגקייט אָדער אונריכטיגקייט פון אירגענד וועלכער סאָציאַלער טהעאָריע. דער סאָציאַליזם איז אַ בעוועגונג פון לעבעדיגע מענשען. ער איז געבוירען געוואָרען דורך בעשטימטע סאָציאַלע אומשטענדען, וואָס זיינען איינגעוואָרצעלט אין דער היינטיגער געזעלשאַפט, און ער פיהרט צו אַ בעשטימטען עקאָנאָמישען און פּאָליטישען ציעל. די סאָציאַליסטישע פילאָזאָפיע בעטראַכט די בעוועגונג ווי זי איז. זי קלויבט זיך פערנאַנדער אין די אורזאַכען פון דער בעוועגונג, בעשטימט איהר ציעל און צייכענט אָן איהר וויטערדיגען וועג. די סאָציאַליסטישע פילאָזאָפיע שאַפט ניט די בעוועגונג מעהר, ווי אַסטראָנאָמיע שאַפט די פּלאַנעטען סיסטעם.

נאָכפאָלגענדיג דעם גאַנג פון דער פּראַקטישער בעוועגונג, פון איהרע ערשטע שריט אין דעם לעצטען יאָהר הונדערט ביז איהר יעצטיגען מעכטיגען צושטאַנד, האָט די סאָציאַליסטישע פילאָזאָפיע דורכגעמאַכט פיעלע שטופען פון ענטוויקלונג ביז זי איז געקומען צו איהר היינטיגען בעשטימטען בליק. ווי אין יעדען געדאַנקענגאַנג, איז די עוואָלוציאָן פערווירקליכט געוואָרען דורך פיעלע דענקער און געלערנטע, פון וועלכע יעדער איינער האָט ביינעשטייערט זיין חלק וויסען און געהאָלפען צוזאַמענבערענגען דעם מאַטעריאַל, פון וועלכען עס זאָל קענען געשאַפען ווערען אַ פעסטע געביידע פון אַ וויסענשאַפטליכער סיסטעם.

אין הינזיכט פון סאָציאַליזם איז די טהעאָריע געשאַפען געוואָרען פון אַ „בוי־מייסטער" אין דער פּערזאָן פון קאַרל מאַרקס.

די טהעאָריע פון סאָציאַלער רעוואָלוציאָן איז דער פונדאַ־מענט פון דער מאָדערנער סאָציאַליסטישער פילאָזאָפיע. די אַנ־שויאונג פון געזעלשאַפטליכער ענטוויקלונג אַלס אַ פּראָצעס וואָס האַלט כסדר אין וואַקסען איז פערהעלטניסמעסיג נײַ אין דעם מענשליכען געדאַנק. ביז דעם 18טען יאָהר הונדערט איז די גע־שיכטע בעטראַכט געוואָרען אַלס רעזולטאַט פון צופעליגע געשע־הענישען. אָבער צום סוף פון 18טען און אין אָנפאַנג פון 19טען יאָהר הונדערט זײַנען פאָרגעקומען ראַדיקאַלע ענדערונגען אויף אַלע געביטען פון מענשליכען געדאַנק און וויסען. נײַע טהעאָ־ריעס זײַנען געשאַפען געוואָרען; גרינדליכע אונטערזוכונג האָט פערנומען דעם פּלאַץ פון השערות, און דער מענש האָט אָנגעהויבען זוכען די אורזאַכע און ווירקונג פון אַלע נאַטירליכע ערשײַ־נונגען.

נאָכהער איז די וויסענשאַפטליכע מעטהאָדע, וואָס איז אָנ־געווענדעט געוואָרען אין נאַטור וויסענשאַפט, איבערגעגאַנגען אין דעם פעלד פון געזעלשאַפטליכע אונטערזוכונגען, און עס איז גע־גרינדעט געוואָרען אַ נײַע „סאָציאַלע וויסענשאַפט“. עס איז אין אַלגעמײַן אָנגענומען געוואָרען, אַז די מענשליכע געזעלשאַפט איז אונטערוואָרפען געוויסע געזעצען פון ענטוויקלונג און וואַקסען און דאָס אַלע געזעלשאַפטליכע אײַנריכטונגען ווערען פאָרמירט לויט בעשטימטע אורזאַכען וואָס קומען פאָר אין דער געזעלשאַפט.

אָבער וואָס זײַנען די אורזאַכען, וואָס בעשטימען דעם גאַנג פון דער געזעלשאַפטליכער ענטוויקלונג? וואָס זײַנען די עלע־מענטען וואָס פאָרמירען די סאָציאַלע און פּאָליטישע געבײַדע פון דער געזעלשאַפט? דאָס זײַנען געווען די הויפּט פראַגען, וואָס האָבען פערנומען די מחות פון די גרינדער פון דער נײַער וויסענ־שאַפט. קאַרל מאַרקס איז געווען דער ערשטער וואָס האָט אויס־געאַרבײַט אַ בעשטימטע און פערשטענדיגע לייזונג פאַר די וויכ־טיגע פראַגען.

„די פאָרם, אינהאַלט און די ענדערונג פון יעדער געזעל־שאַפטליכע אָרדנונג“, — ערקלערט דער גרינדער פון דער מאָדער־נער סאָציאַליסטישער פילאָזאָפיע, — „ווערען בעשטימט פון דעם עקאָנאָמישען באַזיס, אויף וועלכען די געזעלשאַפט איז געבויט“. לאָמיר נעהנטער בעטראַכטען די טהעאָריע.

פריעדריך ענגעלס, דער פריינד און מיטאַרבייטער פון קאַרל מארקס, ערקלערט די טהעאָריע בקיצור אויף פאָלגענדען אופן:

„די פראָדוקציאָן פון זאכען וואס דיענען אויפצוהאַלטען דאָס מענשליכע לעבען און דער טויש פון די זאכען, פאָרמירען דעם גרונד פון אַלע געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציעס. די אַרט און ווייזע ווי רייכטום ווערט פערנאַנדערגעטיילט און ווי מענשען ווערען צוטהיילט אין קלאַסען איז אין יעדער געזעלשאַפט, וואס איז בעקאַנט אין דער געשיכטע, אָבהענגיג פון דעם וואס עס ווערט פראָדוצירט, ווי דאָס איז פראָדוצירט ון ווי די פראָדוקטען ווערען אויסגעביטען. פון דעם שטאַנדפּונקט דאַרף מען זוכען די הויפט אורזאכען פון אַלע געזעלשאַפטליכע ענדערונגען און פּאָליטישע רעוואָלוציאָנען ניט אין דעם מענשענ'ס מאָרך, ניט אין די איינערליכע גוטסקייט פון מענש אדער אין זיין שטרעבען נאָך אמת און גערעכטיגקייט, נאָר אין די ענדערונגען וואב קומען פאָר אין דער פאָרם פון פראָדוקציאָן און אויסטויש.”

ווי די טהעאָריע ווערט היינט פערשטאַנען און אויסגעטייטשט איז זי זעהר איינפאַך און קען אילוסטרירט ווערען דורך אַ בעקאַנטען ביישפּיעל. אונטער נאָרמאַלע אומשטענדען וועט אַ מענש צו אַלעם ערשט טראַכטען וועגען זיין מאַטעריעלער עקזיסטענץ. די אַרט און ווייזע ווי ער פערדיענט אויף זיינע לעבענסמיטלען (זיין ארבייט, פּראָפעסיאָן, אדער עקאָנאָמישע אומשטענדען) בעשטימט אין אַ גרויסער מאָס זיינע געוואָהנהייטען, בעקאַנטשאַפט און פערלאַנגען — בעשטימט דעם פּלאַן וואָס ער פערנעהמט אין לעבען, בעשטימט זיינע פיהרונגען און זיין בליק אויפ'ן לעבען. דער זעלבער געזעץ קען אויך אָנגעווענדעט ווערען אויף גרופּען מענשען, וואס זיינען ארגאַניזירט אין געזעלשאַפטען. דער ערשטער אינסטינקט, דאָס ערשטע בעוואוסטזיניגע שטרעבען פון יעדער נאציאָן איז צו האָבען גענוג מיטלען פאר איהר מאַטעריעלע עקזיסטענץ — צו קענען פּראָדוצירען רייכטום; און די אַרט און ווייזע ווי זי פּראָדוצירט איהרע מיטלען בעשטימט ענדליך איהר פאָרם פון ארגאַניזאציאָן, די צוטהיילונג פון ארבייט אָדער פונקציאָנען, בעשטימט איהרע בעגריפען וועגען יושר און אונגערעכטיגקייט — איהר פּאָליטיק, איהרע געזעלשאַפטליכע קלאַסען און עטהיק. די רעגיערונג, געזעלשאַפטליכע בעציהונגען

און מאָראַל ביי ווילדע שבטים וועלען נאַטירליך זיין אַנדערש, ווי ביי מענשען וואָס פערנעהמען זיך מיט ערד אַרבייט, ווי ביי אַ געזעלשאַפט וואו עס הערשט אַ סיסטעם פון שקלאַפען־אייגענטום, אָדער ווי ביי אַזעלכע וואָס לעבען אונטער אַן אָרדנונג פון פאַבריקאַציאָן און האַנדעל. אין יעדען פון די פעלע וועלען די מענשען אָננעהמען די פאָרם וואָס איז אַם בעסטען צוגעפּאַסט אויף אָבצוהיטען און ענטוויקלען די עקזיסטירענדע עקאָנאָמישע אינטערעסען.

דאָס מיינט ניט, אַז די עקאָנאָמישע שטרעבונגען זיינען דער גאַנצער מאָטיוו פון נאַציאָנאַלען לעבען און פון נאַציאָנאַלער טהעטיגקייט. אידעאַליסטישע פערלאַנגען און גייסטיגע אָדער מאָראַלע שטרעבונגען פערנעהמען אָפט אַ וויכטיגען פּלאַץ און זיינען אָפּילו די לייטענדע ערשיינונגען אין דעם פּראָגרעס פון ציוויליזאַציאָן. אָבער געוועהנליך זיינען די שטרעבונגען און פערלאַנגען אַליין אויך אַ פּראָדוקט פון די מאַטעריעלע אומשטענדען.

די מאַטעריאַליסטישע אַנשויאונג אויף דער געשיכטע פיהרט לאָגישערווייזע צו אַ צווייטער וויכטיגער מאַרקסיסטישער אַנשויאונג — די לעהרע וועגען קלאַסען קאַמפּף.

זי זאָגט אונז דאָס פאָלגענדע: אַזוי שנעל ווי אַ געזעלשאַפט קומט צו דער שטופע פון עקאָנאָמישער ענטוויקלונג, קומט צו דער שטופע פון דער צוטהיילונג פון אַרבייט, ווערען די מיטגליעדער פערנאַנדערגעריסען אויף פערשיעדענע גרופּען, מיט בעזונדערע, אָפט מאָל געגענגעזעצטע עקאָנאָמישע אינטערעסען. דיזע גרופּען, מיט זייערע בעזונדערע אינטערעסען, בילדען די „קלאַסען" פון דער געזעלשאַפט, און די הויפּט פערנאַנדערטהיילונג פון די קלאַסען ווערט געשאַפען דורך דעם בעזיץ אָדער אונבעזיץ פון אייגענטום. די וואָס פערמאָגען אייגענטום זיינען די פּריווילעגירטע און הערשענדע קלאַסען פון דער געזעלשאַפט; די וואָס האָבען ניט קיין אייגענטום זיינען די אָבהענגיגע און אונטערדריקטע קלאַסען. די מיטגליעדער פון יעדען פון די געזעלשאַפט־ליכע טהיילען זיינען פעראייניגט אין זייערע עקאָנאָמישע אינטערעסען און פיינדליך צו יענע וואָס האָבען געגנערישע עקאָנאָמישע אינטערעסען.

די הערשענדע קלאַסען בעמיהען זיך איהער אָנצוהאַלטען אין פערשטאַרקען זייער עקאָנאָמישע אויבערמאַכט, אין דער צייט ווען די אָבהענגיגע קלאַסען שטרעבען אינסטינקטיוו אדער בעוואוסט־זיניג צו פערבעסערען זייער געזעלשאַפטליכע לאַגע דורך בעגרענ־צען די מאכט און פריווילעגיען פון זייערע עקספּלואַטאַטאָרס. די מארקסיסטישע סאציאַליסטען האַלטען, אז דער ענטשטעהענדער קאמפּף צווישען די געגנערישע קלאַסען אין יעדער ציוויליזאַציאָן, איז דער תמצית פון דער געשיכטע פון די פעלקער.

טריי צו דער מאַטעריאַליסטישער וועלט אַנשויאונג בעטראַכט ניט דער מאַרקסיסט די אורזאכען פון דער שלעכטסקייט פון דער היינטיגער געזעלשאַפט אלס „שולד" אדער „אונגערעכטיגקייט" פון די הערשענדע קלאַסען אדער איינצעלנע פערזאָנען. ער זוכט אויך ניט צו געפינען דערצו א רפואה אין דער טיפּעניש פון זיין אייגענעם פערשטאַנד. דער מאַרקסיסט האַלט, אז די „שולד" און „אונגע־רעכטיגקייט" מוז מען געפינען אין דער עקאָנאָמישער צוזאמענ־שטעלונג פון דער היינטיגער געזעלשאַפט, אין אונזערע מעטהאָדען פון פּראָדוצירען און פערנאַנדערטהיילען רייכטום, און ער אונטער־זוכט ווייטער דעם מעכאַניזם פון אונזער אינדוסטריעלער סיסטעם. עס איז מערקווירדיג, אז די הויפּט ארבייט פון קאַרל מאַרקס, די „ביבעל פון מאָדערנעם סאָציאַליזם", איז ניט קיין פילאָזאָפישע אדער מאָראַלע אָבהאַנדלונג, נאָר א וויסענשאַפטליך ווערק איבער פּאָליטישע עקאָנאָמיע, מיט דעם נאָמען „קאַפּיטאַל".

מארקס צייגט אָן, אז דאָס היינטיגע רייכטום אונטערשיידעט זיך אין כאראקטער פון דעם רייכטום פון די פריהערדיגע יאהרען. עס האָט אין זיך ניט קיין סימנים פון שקלאַפעריי און אפילו ניט קיין סימן פון לאַנד אָדער אַגריקולטור פּראָדוקטען. דאָס היינ־טיגע רייכטום בעשטעהט הויפּטזעכליך פון אָנגעקליבענעם פּרי־וואט אייגענטום און פון געצייג און מאַשינעריע, וואס ווערט גע־ברויכט פאר זייער פּראָדוקציאָן און פערנאַנדערטהיילונג. רייכ־טום אין דער פאָרם איז ק א פּ י ט א ל און די אייגענטהימער דערפון זיינען ק א פּ י ט א ל י ס ט ע ן.

דער העכסטער ציעל פון קאַפּיטאַל איז צו פּראָדוצירען און אויסטוישען פּראָדוקטען און אויף אזא אופן האַלטען זיי אין איין פערמעהרען — דאָס איז דער תמצית פון דעם אינדוסטריעלען פּראָ־

צעס. יעדע אינדוסטריעלע רייכטום ווערט אין אזא פּראָצעס גע־שאפען און אלע פּראָפיטען ווערען דערפון געמאכט.

אויב דער ווערטה פון אלע פאבריצירטע זאכען זאָל געמאָס־טען ווערען מיט דער ארבייט, וואס איז אין זיי אריינגעלעגט גע־ווארען, וואלטען די קאפּיטאליסטען ניט געמאכט קיין פּראָפי־טען און ניט אָנגעקליבען קיין רייכטום, ווען זיי זאָלען אויסצאָה־לען די ארבייטער און אָנגעשטעלטע, אין דער פארם פון שכירות, די פולע ווערטה פון זייער ארבייט, דאָס הייסט, דאָס גאנצע גע־שאפענע רייכטום. עס איז דארום קלאָר, אז דאָס געלד, וואס ווערט אויסגעצאָהלט די ארבייטער אין שכירות, שטעלט מיט זיך פאָר א סומע וועניגער ווי די פולע ווערטה פון דער ארבייט, וואס איז אין די פּראָדוקטען אריינגעלעגט געווארען. ווי אזוי ווערט בעשטימט שכירות און ווי אזוי ווערען פּראָפיטען געמאכט?

„ארבייט“, ענטפערט מארקס, „איז אין דער יעצטיגער סיס־טעם א פּראָדוקט און ווערט געקויפט פון די פאבריקאנטען קאפּי־טאליסטען אויף אן אָפענעם מארק, אויף דעם זעלבען שטייגער ווי רויהע מאטעריאלען אדער מאשינעריע — לויט די ווערטה פון מארק. די ווערטה פון ארבייט אויפ׳ן מארק ווערט בעשטימט אויף דעם זעלבען אופן, ווי דער ווערטה פון אנדערע פּראָדוקטען — לויט דער קאָסט פון דער פּראָדוקציאָן. אין דעם פאל פון אר־בייט מיינט עס די גלייכע ווערטה פון א בעשטימטער מאָס שפּייז, קליידער און אנדערע נויטווענדיגקייטען צום לעבען, וואס זאלען געבען דעם ארבייטער א מעגליכקייט צו ברענגען נייע דורות, וואס זאלען איהם געבען א מעגליכקייט אָנצוהאלטען זיין געזונד און זיין ארבייטס־קראפט פון טאג צו טאָג, אין איינקלאנג מיט דעם עקזיסטירענדען סטאנדארד פון לעבען.

אלזא, אויב די נויטווענדיגקייטען פאר דעם ארבייטער׳ס לע־בען פער טאג קענען פּראָדוצירט ווערען אין זעקס שטונדען פון דורכשניטליכע געזעלשאפטליכע ארבייטס־צייט, וועלען די דורכ־שניטליכע שכירות מיט זיך פארשטעלען דעם טהייל פון זיין אר־בייט וואס איז גלייך צו זעקס שטונדען. און אויב ער ארבייט צעהן שטונדען, וועט דער פּראָדוקט פון די איבריגע פיער שטונ־דען געהן צו זיין ארבייטס־געבער. דער טהייל פון דעם ארביי־

טער'ס פּראָדוקט, וואס דער קאַפּיטאַליסט האַלט אָן פאַר זיך, רופט מאַרקס „מעהר־ווערטה".

די „מעהר־ווערטה" איז פאַר קיין פאַל ניט דער ריינער פּראָ־פיט פאַר דעם ארבייטס־געבער־קאַפּיטאַליסט. פון דעם צאָהלט ער געוועהנליך „רענט" פאַר זיין פאַבריק אדער ארבייטס־פּלאַץ, אדער פּראָצענט צום באַנקיר, וואס לייהט איהם אויס געלד, א. ד. ג. אַלע פאָרמען פון אויסגאַבען און איינגאַהמען פון קאַפּיטאַ־ליסט, ווי רענט, פּראָצענט, פּראָפיט, זיינען אָבהענגיג פון דער פּראָ־דוצירטער „מעהר־ווערטה", אין דער צייט, ווען די ארבייטער זיי־נען אָבהענגיג מיט זייער לעבען פון שכירות. אזוי ווי שכירות און „מעהר־ווערטה" קומען פון דער זעלבער קוועלע — פון אר־בייט, וואס ווערט געברויכט צו פּראָדוצירען רייכטום — איז אויף אזא אופן קלאָר, אז איין טהייל איז פערהעלטניסמעסיג קלענער, ווען די אנדערע טהייל איז גרעסער.

אזוי קומט כסדר צו א צוזאַמענשטויס פון אינטערעסען צווי־שען דעם קאַפּיטאַליסטישען קלאַס און דעם ארבייטער קלאַס איבער יעדען איינעמס חלק אין דער פּראָדוקציאָן, און אין דעם צוזאַמענ־שטויס ליגט דער גרונד פון דעם גאַנצען קלאַסען קאַמפּף אין דער היינטיגער געזעלשאַפט:

דער מאָדערנער קלאַסען קאַמפּף איז אָבער ניט בעשרענקט מיט דעם עקאָנאָמישען לעבען פון נאַציאָנען. דער קלאַסען קאַמפּף בעאיינפלוסט שטענדיג און בעשטימט אָפט אויך זייער פּאָליטיק. די בעציהונג פון פּאָליטישע פּארטייען צו קאַפּיטאַל און ארבייט פערנעהמט אַן אָנגעזעהענעם פּלאַץ אין אַלע מאָדערנע פּאָ־ליטישע פּלאַטפאָרמען.

דער קאַמפּף צווישען קאַפּיטאַל און ארבייט קומט פאַר ניט צוליעב פערזענליכע פיינדשאַפט אדער צוליעב דעם וואס די קאַ־פּיטאַליסטען און ארבייטער פערשטעהען ניט אייער דעם אנדערען. די פּריוואַטע בעציהונגען צווישען אַן ארבייטס־געבער און זיי־נע ארבייטער קענען זיין זעהר פריינדליכע און ביידע צדדים קע־נען זאָגאַר זיין אונבעוואוסטזיניג וועגען דעם צוזאַמענשטויס פון זייערע אינטערעסען; אבער דער צוזאַמענשטויס איז טיעף בע־האַלטען אין זייערע עקאָנאָמישע בעציהונגען, און קיין פערזענליכע פריינדשאַפט אדער האַרמאָניע פון דעם צוזאַמענשטויס ניט פער־

מיידען, אזוי לאנג ווי עס עקזיסטירט די קאפּיטאליסטישע סיס־טעם פון פּראדוקציאן.

דער קאפּיטאליסט בעזיצט די פעהיגקייט אויסצודריקען „מעהר־ווערטה" פון דעם ארבייטער און ארויסקריגען אויף אזא אופן פּראפיט און רייכטום און דערגעהן צו דער שטופע, אז ער זאָל זיין דער אייגענטימער פון דער מאשינעריע און געצייג, אָהן וועלכע עס קען קיין רייכטום ניט געשאפען ווערען. דער ארבייטער איז געצוואונגען אָבצוגעבען דעם קאפּיטאליסט א היבשע טהייל פון דער פּרוכט פון זיין ארבייט, ווייל ער פערמאָגט גאָר ניט א חוץ זיין ארבייטס־קראפט, וועלכע איז ווערטהלאָז אָהן די מאָדערנע געצייג און מאשינעריע. דער פּריוואטער קאפּיטאליסטישער איי־גענטימער פון געצייג אדער מאשינעריע פון פּראדוקציאן בעזיצט דאן די קוועלע פון דער קאפּיטאליסטישער מאכט איבער די אר־בייטער'ס שוואכקייט. און פּונקט ווי עס איז אין די אינטערעסען פון די קאפּיטאליסטען אָנצוהאלטען די סיסטעם, אזוי איז עס אין די אינטערעסען פון די ארבייטער זי אָבצושאפען.

סאציאליזם, וואס אגיטירט אָבצושאפען פּריוואט אייגענטום אויף פּראדוקציאנס מיטלען, איז די לאָגישע פילאָזאָפיע און דער געזעלשאפטליכער ציעל פון די ארבייטער קלאסען.

אין אָנפאנג פון 19טען יאהר הונדערט האָבען די סאציאליס־טען גערענקט, אז די „שולד" פון די סאציאלע איבלען ליגט אין דער ארגאניזאציאן פון דער געזעלשאפט, ווייל עס פעהלט די גע־זעלשאפטליכע אינטעליגענץ, און אזוי שנעל ווי מענשען, הויפּט־זעכליך די, וואס האָבען די מאכט און אויטאָריטעט, וואלטען בע־גריפען די חסרונות פון דער עקזיסטירענדער אָרדנונג, וואלט די געזעלשאפט געקענט איבערגעבויט ווערען אויף „פערנינפטיגע" און „גערעכטע" יסודות. אויף אזא אופן האָבען די ערשטע סא־ציאליסטען זיך געווענדעט צו דעם געוויסען פון דער מענשהייט בכלל און צו דער ברייטהערציגקייט פון די רייכע און מעכטיגע בפרט, וועלענדיג זיי איבערצייגען מיט בעווייזע און „פּראקטישע דעמאָנסטראציאנען", און האָבען פאר דעם צוועק געגרינדעט „סא־ציאליסטישע קאָלאָניעס".

קארל פוריע, דער גרויסער פראנצויזישער סאציאליסט, וואס האָט בעלאנגט צו דער אוטאָפּיסטישער שולע, האָט אפּעלירט צו

די רייכע, אז זיי זאָלען פאר איהם שאפען מיטלען צו גרינדען א „מאָדעל קאָלאָניע", און די לעצטע צעהן יאהר פון זיין לעבען פלעגט ער זיין אין הויז מיטאָגס־צייט, פינקטליך ווי א זייגער, ווארטענדיג פיליכט וועט זיך א גוטהערציגער מיליאָנער אָברופען אויף זיין אפּיעל. ראָבערט אָוען, פוריע'ס ענגלישער צייט־גענאָסע, איז זאָגאר געגאנגען אזוי ווייט, דאָס ער האָט פארגעשלאָגען צאר ניקאָלאי דעם ערשטען, פון רוסלאנד, זיינע פלענער וועגען דעם אינדוסטריעלען איבערבויען פון דער געזעלשאפט.

די פילאָזאָפיע פון קארל מארקס האָט אריינגעבראכט א ראַדיקאלע ענדערונג אין דער סיטואַציאָן. קארל מארקס האָט בעגרינדעט די טהעאריע, אז די ארבייטער קענען ניט האָפען אויף א סך הילף פון די הערשענדע קלאסען, ווייל אויב קאפּיטאליסטען וואלטען אָבגעשאפט פּריוואט אייגענטום, וואלטען זיי אליין בעגאנגען זעלבסטמאָרד געגען זיך און זייער קלאס. די נייע טהעאָריע האָט געלערנט די ארבייטער, אז זיי מוזען זיין אָבהענגיג פון זיך אליין, אום צו לייזען זייערע סאציאלע פּראָבלעמען. אנשטאַט וואס די ערשטע סאציאליסטען האָבען אפּעלירט צום געוויסען פון דער מענשהייט און אגיטירט פאר איינזייטיגע טהעטיגקייט פון ריין עקאָנאָמישע אָרגאניזאציאנען, האָט דער מארקסיזם אריינגעבראכט א קלאָרען בעגריף וועגען קלאסען קאמפּף און וועגען אויסגעהאלטענער קלאסען־טהעטיגקייט אויף דעם עקאָנאָמישען און פּאָליטישען געביט.

אָבוואָהל די קאפּיטאליסטען און לוין־ארבייטער זיינען די וויכטיגסטע גרופּען אדער קלאסען אין דער היינטיגער געזעלשאפט, זיינען זיי אבער דאָך ניט די איינציגע קלאסען. צווישען די צוויי זיינען דאָ אנדערע וויכטיגע עקאָנאָמישע גרופּען, וואס ווערען געוועהנליך בעצייכענט אלס „מיטעל קלאסען". די בעשטעהען פון קליינע פארמערס, פאבריקאנטען, סוחרים, דאָקטוירים, אדוואָקאטען, שרייבער, מאלער, און פערשיעדענע געלערנטע. א גרויסער טהייל פון זיי ארבייטען דירעקט און אינדירעקט פאר דעם קאפּיטאליסטישען קלאס. די דירעקטע עקאָנאָמישע אינטערעסען פון פיעלע פון די קלאסען האָבען מעהר א שייכות מיט די אינטערעסען פון די ארבייטער, ווי מיט די קאפּיטאליסטישע אינטערעסען, און אין דעם געזעלשאפטליכען

קאַמפּף פון די קלאַסען קען מען זיי אָפּט געפינען אויף דער זייט פון די ארבייטער.

אַזוי ווי די לוין־ארבייטער שטעלען מיט זיך פאָר די לעצטע פאָרם פון עקאָנאָמישער אָבהענגיגקייט און עקספּלואטאציאָן, וועט דער זיעג פון די ארבייטער אין דעם נאָך ניט ענטשיעדענעם קלאַ־סען קאַמפּף מוזען ברענגען די רעזולטאטען פון אָבשאפען אַלע קלאַסען — די עקאָנאָמישע בעפרייאונג פון דער גאנצער מענש־ליכער ראסע.

* * *

די מארקסיסטען דענקען, אז די נויטיגע אומשטענדען פאר דעם איבערגאנג צו סאציאליזם ווערען צייטיג אין די ראהמען פון דער היינטיגער געזעלשאפט און אז דער ארבייטער קלאס ענטוויי־קעלט שנעל די ווירקונג פאר דער ענדערונג.

דער קאפּיטאליזם, א דאנק די געזעצען פון זיין אייגענער ענטוויקלונג, ווישט אָב דעם פּערזענליכען כאראקטער אין דער פּראדוקציאָן און פערוואלטונג. די מאשין און פאבריק סיסטעם פערוואנדעלט די פּראדוקציאָן אין א געזעלשאפטליכע און קאָ־אָפּעראטיווע אונטערנעהמונג, אין דער צייט ווען די גרויסע קאָר־פּאָראציאָנען און טראסטס העלפען ארגאניזירען די פערוואלטונג פון אינדוסטריען אויף א ברייטען נאציאָנאלען באָדען. און די געזעצען פון דער קאפּיטאליסטישער ענטוויקלונג הערען ניט אויף צו ארבייטען און אונטערגראָבען אליין דעם פונדאמענט, אויף וועלכען עס שטיצט זיך די גאנצע סיסטעם. די קאָנקורענץ־מלחמות מאכען פעט די זיעגער און פערניכטען די בעזיעגטע יעדען טאָג. דער קאפּיטאל און די עקאָנאָמישע מאכט ווערען יעדען טאָג אלץ מעהר קאָנצענטרירט אין א קלענערע גרופּע — מיט פינאַנ־ציעלע און אינדוסטריעלע אינטערעסען.

אין די פערייניגטע שטאאטען קען מען שוין איצט אָנצייי־גען אויף א קליינע צאָהל פון פּערזאָנען, וואס קאָנטראָלירען צו־זאמען די הויפּט קוועלען פון פּראָדוקטען און פון נאציאָנאלע אוצרות. דער פּראצעס האָט געמאכט ריעזיגע שריט אין פערלויף פון די לעצטע פינף־און־צוואנציג יאהר. וואסער שטופע וועט ער דערגרייכען אין א פערטעל יאהר הונדערט ארום? וועט איין גרויסער געלד־פּרעסער קענען איינשלינגען דאָס לעבען און עקזיס־

טעניז פון די הונדערט מיליאָן איינוואָהנער פון דעם לאַנד, אדער דאָס פאלק וועט ענטוויקלען זיין מאכט און האָבען גענוג קרעפ־טען און אינטעליגענץ צו בעפרייען זיך אליין פון דער געפאהר — צו איבערבויען די געזעלשאפט אויף נייע און געזונדערע יסודות?

מארקסיסטען גלויבען, אז די סאציאליסטישע בעוועגונג פון ארבייטער קלאס ענטוויקעלט זיך אין אזא מאכט. די רייהען פון די ארבייטער וואקסען כסדר, זייער צאָהל פערגרעסערט זיך זעהר שנעל. דער פראצעס פון קאפיטאליסטישער ענטוויקלונג ווארפט אריין א היבשע צאָהל קליין־פארמערס, קליין־הענדלער, און קליין־פאבריקאנטען אין די רייהען פון לוין־ארבייטער.

דעם וואוקס פון ארבייטער קלאס דארף מען ניט מעס־טען מיט ציפערען אליין. די ארבייטער פראגרעסירען כסדר אין געזעלשאפטליכע אינטעליגענץ, אין דעם גייסט פון רעוואָלט, אין פאָליטישער קלוגהייט און מאכט. דאס איז ווירקליך מערקווירדיג פאר דעם אונגעהויערען וואוקס פון דער סאציאליסטישער בעוועגונג פון די לעצטע יאהרען, פאר דעם אונגעהויערען וואוקס פון די טרייד־יוניאנס, קא־אָפּעראטיווער בעוועגונג, „סאציאליסטישע" און „האלב־סאציאליסטישע" געזעצען, אנגענומען פון די מאָדערנע געזעצגעבענדע קערפערשאפטען. דער וואוקס פון דער סאציא־ליסטישער און ארבייטער בעוועגונג געהט האַנד אין האנד מיט דער ענטוויקלונג פון דער קאפיטאליסטישער מאכט, און די צייט וועט קומען, ווען די צוויי הויפט און געגנערישע ערשיינונגען אין דער היינטיגער ציוויליזאציאָן וועלען זיך פערמעסטען מיט זייער קראפט.

וועלכע פון די צוויי וועט געווינען? די קליינע גרופע, וואס האָט בלויז איהרע פינאנציעלע אינטערעסען, אדער די גרויסע מאַ־סען פון ארבייטער, וואס פערטרעטען די אינטערעסען פון גאנצען פאָלק?

דער ענטפער קומט פון זיך אליין.

עס איז שווער צו געפינען נאָך א מענשען, וועלכער זאָל זיין פאר די לעצטע פאר יאָהר אזוי פּאָפּולער סיי אין די קרייזען פון די געלערנטע, סיי צווישען די ברייטע מאסע, ווי קארל מארקס. מארקס איז בעקאנט צו אלעמען אלס דער גרויסער נאַציאָנאל־עקאָנאָם און דער גרעסטער טהעאָרעטיקער און פילאָזאָף פון ווי־סענשאַפטליכען סאָציאַליזם. ער איז אויך בעוואוסט אלס דער גרויסער רעוואָלוציאָנער און דער בעגרינדער פון אינטערנאציאָנאל. ווייניג אבער ווייסען דאָס מארקס איז אויך געוועזען א גלענצענ־דער זשורנאליסט און פובליציסט.

מארקס האָט אָנגעפאנגען זיין קאריערע אלס פובליציסט אין 1842, ווען ער איז אלט געוועזען 24 יאָהר. מיט א יאהר פריהער האָט ער געהאט געענדיגט פילאָזאָפיע אין בערלינער אוניווערזי־טעט, וואו ער האָט שטודירט רעכטס־וויסענשאפט, פילאָזאָפיע און געשיכטע. זיין דאָקטאָר־ארבייט איז א ריין פילאָזאָפישע אָבהאנדלונג איבער דעם אונטערשיעד צווישען די נאטור פילאָזאָ־פיע פון דעמאָקריט און עפיקור. מארקס האָט געוואָלט בעלייב־בען ביי דער וויסענשאפט און ווערען א פּריוואט־דאָצענט אין אַ־ניווערזיטעט. זיינעם א פריינד, מיט דעם נאָמען ברונא באוער, האָט אָבער די פּרייסישע רעגיערונג פארטריבען פון אוניווערזיטעט פאר זיינע ראדיקאלע אנשויאונגען און דאָס האָט מארקס'ען באלד געוויזען ווי ווייניג פרייהייט ס'איז פאראן אין די דייטשע אוני־ווערזיטעטען. ער האָט דעריבער דעם געדאנקען צו מאכען אן אקאדעמישע קאריערע אין א פּרייסישען אוניווערזיטעט אויפגע־געבען.

מארקס האָט זיך באלד גענומען קעמפּפען געגען די אָפּגע־לעבטע, אָבגעשטאַנענע, רעאקציאָנערע אידעען און ארדנונגען פון זיין פאטערלאנד. זיין ערשטער ארויסטריט אלס קעמפּפער פאר פארטשריט און גערעכטיגקייט געגען די פינסטערע כוחות פון דער געזעלשאפט איז געוועזען אלס פובליציסט. פון דאן אָן ביז צום סוף פון זיין ליידענפולען לעבען האָט ער דעם קאמפּף ניט אויפ־געגעבען. ער האָט איהם געפיהרט מיט א פערביטערטער עקשנות, קיינעם ניט שאנעווענדיג, שטרענג סיי צו די געגנער, סיי צו די פריינד, ניט אפּטרעטענדיג אויף א האָר פון זיינע פּרינציפּען.

פון אָנפאנג 1842 ביז 1843, איז מארקס געווען א מיט־ארבייטער און שפּעטער איינער פון די רעדאקטאָרען פון די „רהיינישע ציימונג", א צייטונג מיט א ליבעראַלען, זאגאר א ראַדיקאַלען כאראקטער. איהרע הויפּט מיטארבייטער זיינען געוועזען מענשען, וועלכע זיינען בעצייכענט געווארען אין יענער צייט אלס יונג־העגעליאַנער. געגרינדעט איז געווארען די צייטונג פון די יונגע בורזשואזיע פון רהיינישען געגענד, וועלכע האָט אָנגעפאנגען א קאמפּף געגען די פּרייסישע אפּגעלעבטע פעאָדאלע ארדנונג, זיי האָבען דאָס איינגעלאדען אלס מיטארבייטער די יונגע געלעהרטע פון באָנן און בערלין, וועלכע זיינען געוועזען אנהייגגער פון די העגעלשע פילאָזאָפיע. מארקס און ברונא באוער, וועלכע האָבען צו יענער צייט געלעבט אין באָנן, זיינען געווארען איהרע מיטארבייטער און באלד אויך איהרע רעדאַקטאָרען. דער בעריהמטער אנארכיסט מאַקס שטירנער האָט אויך אָנגעפאנגען זיינע ערשטע ליטעראַרישע ארבייט אין דער דאָזיגער צייטונג. דער בעקאנטער אידישער סאציאליסט מאָזעס העס איז אויך געוועזען א מיטארבייטער אין דער צייטונג. געלד מיטעל האָבען דער „רהיינישער צייטונג" ניט געפעהלט, ווייל איהרע גרינדער זיינען געוועזען מענשען פון רייכען קלאַס. די צייטונג האָט אָבער לאנג ניט עקזיסטירט. זי איז געוועזען גלייך פון אָנפאנג ווי א דאָרן אין די אויגען פון די בערלינער רעגיערונג. אין נעקסטען יאהר, אין 1843, איז די צייטונג צוגעמאכט געוואָרען.

מארקס אליין האָט געגלויבט דאָס פּובליציסטיק, און בעזונדערס צייטונגס ארבייט, איז ניט פאר איהם, ס'איז ניט זיין בעררוף, און האָט זיך בעשעפטיגט דערמיט נאָר אלס א צופאל. אנדערש האָבען אָבער זיינע פריינד געגלויבט וועגען זיין פעהיגקייט אלס פּובליציסט. דעם 24טען דעצעמבער 1842, האָט די פּרייסישע רעגיערונג ארויסגעגעבען א נייע אינסטרוקציע פאר די צענזאָרען. אויפ'ן קוק האָט די נייע אינסטרוקציע אויסגעזעהן ווי א ליבעראלע ווענדונג אין דער ריכטונג פון פרייער פּרעסע. מארקס אָבער, וועלכער איז דאן אלט געווען בלויז 24 יאהר, האָט מיט זיין שארפען אויג פערשטאַנען אזוי שטאַרק דורכצודרינגען דעם געזעץ און צו זעהן ווי שוואריז און רעאקציאנער ער איז אין תוך, דאָס ער איז ארויסגעטרעטען מיט זעהר א שארפער אטאַקע געגען

איהם. זיין ארטיקעל וועגען דער פרייהייט פון דער פרעסע האָט מארקס געוואלט דרוקען אין די „האַללעשע יאָהרביכער". ס'איז אָבער איהם שוין ניט געוועזען מעגליך דאָס צו טהאָן, ווייל די פריסישע רעגיע־ונג האָט דעם זשורנאל באלד צוגעמאכט. רוגע שרייבט דעם [illegible]ען פעברואר 1821 צו מארקס'ען:

„גלייך מיט אייער קריטיק אויף די צענזור האָבען די פרייסישע צענזאָרען אָנגעפאנגען אַקטיוו ארויסווייזען זייער „טענדענץ" געגען די יאהרביכער. שוין אכט טעג ווי דער צענזאָר האָט אָנגעפאַנגען אויסשטרייכען אונזער „שלעכטע ריכטונג". אייער ארטיקעל צו דרוקען איצט איז אונמעגליך. אלעס וואס שמעקט מיט פייערבאך, באַוער און מור איז פערבאָטען. איך האָב צוזאַמען געקליעבען א בוקעט פון פרעכטיגע און פיקאַנטע זאכען, און קלייב זיך צו דערלאַנגען א געזונדען פאַטש דער צענזור. איך בעט ביי אייך די ערלויבנים אריינצושטעלען אייער ארטיקעל אין א זאמעלבוך, וועלכען איך רעכען אָפּצודרוקען אין דער שווייץ. אויב איהר ווילט ניט דאָס איך זאָל אָנרופען אייער נאָמען קאָן איך בעטיטלען דעם זאמעלבוך „פילאָזאָפישע אַנעקדאָטען פון פייערבאך, באַוער, רוגע און אַנדערע".

רוגע, וועלכער איז געוועזען מיט 16 יאָהר עלטער ווי מארקס, האָט פערשטאַנען אָפּצושאַצען מארקס'עס ווערטה אלס פובליציסט. מארקס'עס שרייבען האָט גלייך פון אָנפאַנג אָן געאָטעמט מיט טעמפעראמענט, לעבען און ענערגיע. דערצו איז מארקס אויך געוועזען א שארפער בעאָבאַכטער און א מענש וועלכער האָט שוין גאַנץ פריה פערשטאַנען ווי זיך פאַנאַנדערצוקלייבען אין דעם פּלאָנטער פון די סאציאלע ערשיינונגען. רוגע שרייבט צו מארקס'ן אין מערץ 1842:

„אָהן אייער הילף וועט מיר זיין אונמעגליך אָנצופאַנגען דאס ביכעל. איך וויל ניט בעהאלטען פון אייך, דאָס איך וויל זעהר אייך האָבען ביי מיר אין זשורנאל. ס'איז פאר מיר זעהר אנציהענד די פרישקייט און קראפט מיט וועלכער איהר ווארפט זיך אריין אין קאמפף."

מארקס איז געוועזען אָן אָנהענגער פון דער העגעליאַנישער פילאָזאָפיע, ווי דער גרעסטער טהייל פון דער דייטשער ראדיקאַלער יוגענד פון יענער צייט. זיי האָבען געגלויבט אין פראגרעס

פון דער געזעלשאפט. די העגעלשע פילאָזאָפיע האָט געהאט דעם פאָרצוג איבער די קאַנטישע, וואס זי איז געוועזען א דינאמישע פילאָזאָפיע, דאָס הייסט א פילאָזאָפיע, וואס איהר גאנצע סיסטעם איז געבויט אויף דער אָננאהמע, דאָס די מענשליכע געזעלשאפט האלט זיך אין ענדערען און דאָס די טענדענץ פון דער ענדערונג איז דער פראגרעס, דער פארטשריט, די ענטוויקלונג פון דער מענשליכער געזעלשאפט.

שוין אין די ערשטע פובליציסטישע ארטיקלען פון קארל מארקס האָט זיך אָנגעפאנגען ארויסווייזען זיין מעטאָדע פון קריטיק, וועלכע זוכט ארויסצושטעלען אין יעדער זאך, וועלכע ער האלט פאר רעאקציאָנער און אָפּגעשטאנען, איהרע אייגענע ווידערשפּריכע. אלע זיינע ארבייטען, סיי די פובליציסטישע, סיי זיינע וויסענשאפטליכע, צייכענען זיך אויס מיט זעהר פיעל חריפות, טיעפזיניגקייט און קלוגקייט. מען זעהט, דאָס יעדער געגענשטאנד, וועגען וועלכען ער רעדט, יעדע פראגע, וועלכע ער בעהאנדעלט, האָט ער גוט דורכגעשטודירט, גוט אויסגעלערענט און גייסטיג פערדייט. אפילו זיינע ביטערסטע געגנער גיבען אלע מאָל צו, דאָס ער בעהערשט דאָס גאנצע מאטעריאל וואס ער בעהאנדעלט.

ווען מארקס האָט זיך שפּעטער דורך זיין פובבליציסטישע ארבייט אנגעשטויסען אויף עקאָנאָמישע און סאציאלע פראגען, וואס פאדערען שוין א טיעפערען און גענויערען שטודיום פון די וויסענשאפטען וועלכע בעהאנדלען זיי, האָט ער זיך ארויפגעווארפען מיט אזא ברען און פלייס צו שטודירען זיי, דאָס ער האָט ניט אויסגעלאזען קיין בוך, קיין בראָשורע, וועלכע איז נאָר ווען עס איז געשריעבען געווארען איבער דיעזע פראגען און וועלכע ער האָט נור געקאָנט קריעגען. מען דארף בעוואונדערען זיינע ידיעות, זיין בעקאנטשאפט מיט די פערשיעדענע ליטעראטורען, זיין אלזייטיגע בילדונג, וועלכע ער האָט ארויסגעוויזען שוין אין די ערשטע יאָהרען פון זיין פובליציסטישער טהעטיגקייט.

פיעלע פון מארקס'עס קריטיקער צייגען אָן, דאָס אין זיין ארט שרייבען און דענקען איז פאראן זעהר פיעל פון דעם אידישען פלפול און פון די רבנישע חריפות. מארקס אליין האָט קיין גמרא קיין מאָל ניט געלערענט. זיין פאטער אויך ניט. זיין פאטער האָט זיך און איהם גע'שמד'ט ווען מארקס איז אלט גע־

וועזען 6 יאָהר. מאַרקס שטאַמט אָבער פון זיין מוטער'ס צד פון א גאנצע רייהע דורות רבנים, און טאקע פון אזעלכע, וועלכע האָבען א שם ביי אידען און האָבען געלאָזט פון זיך הערען דורך זייערע קושיות און חריפות. ס'איז צו בעוואונדערען, ווען מען לייענט מארקס'עס ערשטע שריפטען, וויפיעל דארטען איז פאראן פון די תלמוד לאָגיק, פון די גמרא־חריפות, צו אנאליזירען און קריטיקירען יעדען וואָרט, צו ענטוויקלען יעדען בעגריף ביז צו זיין לאָגישען סוף, צו צולייגען א געדאנק אויף זיינע אטאָמען. ס'ווייזט אויס, דאָס די דענקונגס־אַרט פון גאַנצע דורות, וועלכע איז פאָרגעקומען לויט די גמרא־מעטהאָדען, לויט דער תלמוד לאָגיק, האָט געבילדעט און געפאָרמט דעם מאָרך פון מאַרקס'עס זיידעס אין א געוויסער קאָנסטרוקציאָן, און דאָס האָט זיך איבערגעגעבען בירושה צו מארקס'ען דעם אייניקעל. און כאָטש ער האָט שוין געשעפּט זיינע ידיעות פון א גאַנץ אנדערען קוואַל ווי זיינע זיידעס, און כאָטש ער האָט שוין גענאָסען א גאַנץ אנדערע ערציהונג, ווי יענע, וועלכע האָט געשאַרפט די מוחות פון זיינע עלטער זיידעס, איז אָבער בירושה צו איהם אריבער פון זיי די התמדה, די חריפות, און אפילו די נייגונג צו פלפול.

מאַרקס האָט זיך זעהר ערנסט בעצויגען צו זיינע אַרבייטען, סאַי זיי זיינען געווען גרויסע, סאַי קליינע. ער האָט געגלויבט אין די הייליגקייט פון דער זשורנאַליסטישער פּראָפעסיאָן. ער האָט אָנגעפאַנגען צו שרייבען, ניט ווייל ער האָט געוואָלט פערדיענען געלד דערמיט, נאָר ווייל דאָס איז געווען ביי איהם א ווערקצייג צו קעמפּפען געגען רעאַקציאָן און אריינטראָגען אויפקלערונג אין די מוחות פון די מאַסען. מאַרקס דריקט זיך אויס אין איין שטעלע וועגען זשורנאַליסטיק אזוי:

„אויף קיין פאַל ניט דאַרף א שרייבער בעטראַכטען זיין ארבייט אלס א מיטעל. זי איז פאַר איהם א זעלבסט־צוועק. ער און אלע אנדערע דאַרפען אזוי ווייניג זעהן אין זייער ארבייט א מיטעל, דאָס זיי זאָלען זיין גרייט צו יעדער צייט צו אָפּפּערען מיט זייער אייגענער עקזיסטענץ פאַר די עקזיסטענץ פון זייער ארבייט. דער שרייבער דאַרף אזוי ווי א פּרעדיגער פון רעליגיאָן מאַכען זיין פּרינציפּ, הגם אויף אַן אנדער אופן, צו דיענען גאָט און ניט די מענשען. דערביי פערשטעהען מיר אונטער „מענשען"

איהם זעלבסט, מיט זיינע אייגענע מענשליכע בעדירפניסען און פערלאנגען. איך וואלט געוואלט זעהען א שניידער, וועלכער וואלט מיר געבראכט אנשטאט א בעשטעלטען פּאַריזער פראַק, א רוימישע טאָגע, ווייל א רוימישע טאָגע ענטשפּרעכט מעהר די אייביגע געזעצען פון שעהנקייט. די פּרעסע טאָר ניט זיין א פּראָפעסיאָן. — דאָס איז די ערשטע בעדינגונג פון פּרעס־פרייהייט. דער ליטעראַט, וועלכער מאַכט די פּרעסע פאר א מאַטעריעלען מיטעל, פערדיענט אלס א שטראָף פאר זיין אינערליכע אונפרייהייט, אויסערליכע אונפרייהייט — די צענזור.."

מארקס האָט בעזעסען פערשיעדענע פעהיגקייטען, וועלכע האָבען איהם געמוזט מאכען פאר אַ גלענצענדען פּובליציסט. ער האָט געהאט א נאַטירליכען שטאַרקען הומאָר, א ברענענדען, וואולקאַנישען טעמפּעראַמענט און א סטיל, וועלכער איז געוועזען גלענצענד, רייך און שאַרף. ער האָט אויך אָנגעווענדעט זיין דיאַלעקטישע מעטהאָדע אין זיין סטיל. דערצו איז ער געוועזען זעהר עהרליך, ערנסט און געוויסענהאַפט אין זיין שרייבען. אין זיינע דעבאטען איז ער אימער געוועזען זעהר שאַרף און וויציג. ער פלעגט אימער בענוצען זיין אפּאָנענט'ס אויסדריקע, זיי אומקעהרען און אָנווענדען געגען דעם אויטאָר פון זיי. מיר וועלען דאָ ברייגען א קליינעם בעקאַנטען ביישפּיעל. פּרודאָן, אַ פראַנצויזישער געלערנטער און א גוטער בעקאנטער פון מארקס, האָט אָנגעשריעבען א ביכעל, וועלכען ער האָט אָנגערופען „די פילאָזאָפיע פון די אָרעמקייט". ער האָט איהם צוגעשיקט צו מאַרקס'ען און געפרעגט זיין מיינונג דעריבער. פּרודאָן פּרעדיגט דאָרטען א געוויסען גראַד אַנאַרכיזם, אדער, ווי מארקס האָט דאָס אָנגערופען, דעם סאציאַליזם פון דער קליין־בורזשואַזיע. מארקס'ען איז דאָס ביכעל זעהר ניט געפעלען געווארען. ער האָט גלייך אָנגעשריעבען אן ענטפער און האָט זיין ביכעל א נאָמען געגעבען „די אָרעמקייט פון דער פילאָזאָפיע", מיינענדיג די ארעמקייט פון דער פילאָזאָפיע פון פערפאסער פון דער „פילאָזאָפיע פון די ארעמקייט".

זיין ערשטער ארטיקעל וועגען די אינסטרוקציע צו די צענזאָרען האָט מאַרקס'ען גלייך אוועקגעשטעלט אין די רייהען פון די ערשט־קלאַסיגע פּובליציסטען. אין זיין שפּראַך און אַרט שריי־

בען איז ער אימער געווען אָריגינעל. זיין איבערצייגענדער בע־וויזען ווען ער האָט געגלויבט אין וואס, און זיין שטרענגער ארונ־טעררייסען דאָס, וואס ער האָט אָנגענומען אַלס פאַלש און שלעכט, האָבען שטענדיג גענומען דעם לעזער.

ס'האָט מארקס'ען אויך קיינמאָל ניט געפעהלט דער נויטיגער מוטה צו פערטהיידיגען שריפטליך זיינע איבערצייגונגען. ער האָט קיינעם ניט נישא פנים געווען. ווי גרויס א מענש איז ניט גע־ווען אויפ'ן לייטער פון דער וויסענשאַפט אדער פון געזעלשאפט, האָט דאָס מארקס'ען ניט אָבגעהאלטען. ווען ער האָט איהם געפו־נען אומגערעכט האָט דאָס קיינמאָל ניט אָפגעהאלטען איהם פון אָנצוגרייפען איהם. ער האָט זעהר ווייניג זיך געבויגען פאר אוי־טאָריטעטען און ער איז געווען אונ'ברחמנות'דיג שארף געגען זיינע געגנער. פריינדשאפט האָט איהם אויך ניט צוריקגעהאלטען פון שארפע קריטיק ווען ער האָט געפונען זיין פריינד'ס מיינונג פאלש. פיעלע פון זיינע ביאגראפען האָבען איהם פאר דיעזער מידה זיינע שטארק אָנגעגריפען דאָס ער האָט אבער געקאָנט זיין א גוטער פריינד און אויך איבערגעבען צו די וועמעס אידעען האָבען געשטימט מיט זיינע בעווייזט זיין פריינדשאַפט מיט ענ־געלס'ען. זיי זיינען געבליבען הייסע פריינד פון דעם ערשטען טאָג פון זייער פריינדשאַפט ביז צום לעצטען פון זיין לעבען.

פיעלע פון מארקס'עס ארטיקלען האָבען בערלאָרען דעם ווערטה זייערען פאר דער געגענוואַרט. זיי זיינען אָבער אינטע־רעסאנט און אויך פון גרויסער וויכטיגקייט פאר דעם געשיכטס־פארשער, וועלכער וויל קריעגען א ריכטיגען בעגריף פון די פער־ציגער יאהרען פון לעצטען יאהר הונדערט. בעזונדערס זיינע אר־טיקלען, וועלכע ער האָט געשריעבען אין „די נייע רהיינישע צייט־טונג" אין 1849 און שפּעטער. ער דעקט דאָרטען אויף די גאנצע צווייזייטיגקייט פון דייטשען קליינבירגערטום, פון זיין אָהנ־מעכטיגקייט און צוריקגעשטאַנענקייט, און ער אַנאַליזירט גלענ־צענד די פּאָליטיק פון דער רעגיערונג פון יענער צייט.

---

„אינטערעסאנט איז ווי מארקס, דער בעגרינדער פון אינטער־נאַציאנאַל און דער פערשריענער פאטער־לאנדלאזער קאסמאפאליט, האָט זיך דאמאלס אויסגעדריקט וועגען נאַציאנאַליזם. ער שרייבט

אין דער רהייניגישער צייטונג אין דעם ערשטען נומער אין א פעּ־ליעטאָן, וואו ער ווענדעט זיך צו דער צייטונג:

„און נאָך איין זאך וועל איך דיר זאגען: בלייב א דייטש, אן אמת'ער דייטש. פערשטעה מיך אָבער גוט. ס'איז פאראַן א ביליגער דייטשער נאציאנאליזם, וועלכער איז זאגאר פערבונ־דען מיט פּראפיט, ער בענוגענט זיך דערמיט, וואס ער היט אָפּ די גרענעצען פון דער מלוכה. ער איז חושד און זירעלט אפילו דעם פרעכען פראַנצויז, וועלכער האָט לאַנגע הענד. ער איז שטאָלץ מיט די הונדערטער טויזענדער באַיאָנעטען, וועלכע זיינען אונטער די פערוואלטונג פון די הערשער, א פריינדליכער שמייכעל מיט וועלכען מען בעעהרט איהם מאכט איהם שרעקליך פרעך און ער הויבט אָן דענקען דאָס ער איז דער לעגאליזירטער פאטריאטיזם, דער איינציגער אמת'ער פּריווילעגירטער. מען קען ניט זאגען דאָס אזא פאטריאטיזם איז גאר ניט ווערטה. ער האָט אויך א געוויסען פערהעלטניסמעסיג היסטאָרישען אינטערעס. לאָמיר זיך נאָר דערמאָנען די פריהערדיגע צייטען און די פריהערדיגע גלייכ־גילטיגע בעציהונג צו דעם פערקויף פון גאנצע שטיקער לאנד מיט זייערע איינוואָהנער צו פרעמדע הערשער, צו דעם פערכאַ־פען דורך זיי, סיי מיט'ן שווערד, סיי אָהן דעם שווערד גאַנצע שטעדט. צו דען דארף מען אבער אונז אזוי שטארק ריה־מען דערפאר וואס מיר פאָלגען אונזער אונמיטעלבארען 'אינ־סטינקט און פערטהיידיגען די גרענעצען פון לאַנד? אפילו א חיה פערטהיידיגט דאָך אויך איהר הייל. דער דאָזיגער דייטשער פאט־ריאטיזם איז א זעלבסטפערשטענדליכער. וועגען איהם לוינט אפילו ניט איבערצורעדען און ניט נאָך זיך בעריהמען."

„העכער פון איהם שטעהט אַן אַנדער סארט פאטריאטיזם. דערפאר איז ער אָבער פול מיט שוועריגקייטען און געפאהרען. דער פאטריאטיזם בעשטעהט אין דעם, צו געווינען און פערטהיידי־גען אין אייגענעם לאַנד די אַנערקענונג פון דאָס אייגענע רעכט און אייגענע פרייהייט. דער דייטשער גייסט — דאָס איז ניט א טויטע סובסטאַנץ, וועלכע מען דארף פערטהיידיגען פון אן אוי־סערליכען אָנפאל מיט באַיאָנעטען. די גרויסע געפאהר שטעקט אינוויינינג, וואו פערהאלטונגען און שטערונגען הינדערען און שטור־פּען אויף א פאלשען וועג פון ענטוויקלונג דעם טיעפסטען גייסט

פון אלע פעלקער, דער גייסט, וועלכער שטרעבט אונאונטערבראכען, זיך ניט אָפּקירעווענדיג, צום אמת און רעכט. דאָ, אין אייגענעם לאנד, זוכט מען צו פערטיליגען דעם גייסט וועלכער איז וויליג זיך אויפצואפּפּערען אין קאמפּף פאר מענשליכע פריהייט. דיעזע שטערונגען סטראַשען צו צוקוועטשען און דערשטיקען די אמת'ע נשמה פון דייטשען לעבען, זיין היילינגען ענטהוזיאזם, זיינע העלדישע כוחות. דיעזע הינדערניסען סטראיטען צוריקצושטופּען די גאָלדענע צוקונפט פון דייטשלאַנד אויף אַ גאַנצען יאהרהונדערט. דיעזער אלט־דייטשער עגאָאיזם, די לאַנגזאמקייט, קליינבירגערליכקייט, קליינמיטיגקייט, שקלאַפּישע אונטערטהעניגקייט, די ליעבע צו הערשען און אַזוי ווייטער, — דאָס זיינען זינד וועלכע בעהאלטען זיך גלענצענד הינטער פערזענליכקייטען פון יערע סאָרט, הינטער אַלער האַנד אינסטיטוציעס און בעציערונגען. אָט זיי זיינען דאָס די אמת'ע שונאים פון אונזער פריהייט, פון אונזער רעכט, פון אונזער עהרע. זיי האָבען זיך אזוי צוגעוואקסען צו אונז, אזוי זיך דורכגעפלאָכטען מיט אונז, דאָס זיי זיינען אונזער אייגענע לינקע זייט, זיי זיינען מיר אליין. זיי אויפצודעקען אונ'ברחמנות'דיג און אונערשראקען, און אין קאמפּף מיט זיי איינצושטעלען אין קאָן דאָס גאַנצע פערמעגען און זאָגאַר דאָס לעבען — דאָס איז די אמת'ע ליעבע צו דייטשלאַנד, א פיעל העכערע ווי יענע, דאָס איז א פיעל שטאַרקערער פאטריאטיזם ווי יענער, וועלכער ווייס מעהר ניט ווי צו זינגען: ניין, איהר וועט דייטשלאַנד ניט קריעגען"...

מיר האָבען דאָ געבראַכט אביסעל א צו לאַנגען אויסצוג פון מארקס'עס א פּובליציסטישען ארטיקעל דערפאַר, ווייל מארקס'עס מיינונג וועגען פּאַטריאָטיזם איז זעהר אינטערעסאנט פאַר דעם איצטיגען מאָמענט. ער האָט דאַמאלס שוין פערשטאַנען, דאָס די פריהייט און גרויסקייט פון א נאַציאָן קאָן ניט ערר־ייכט ווערען דורך קעמפּפען מיט פרעמדע פעלקער, נור דורך דעם ערווערבען ווירקליכע רעכטע אין אייגענעם לאַנד, דורך דעם געווינען דעם קאמפּף מיט די שוואַרצע, פינסטערע רעאַקציאָנערע כוחות אין אייגענעם פאטערלאַנד.

מארקס'עס ווערטער זיינען געשריעבען געוואָרען מיט 75 יאהר צוריק, און מיר טרעפען נאָך איצט די דייטשען שמאַכטענדיג

אונטער א שטאַרקע מיליטערישע קאסטע, וועלכע האַסט דעמאָ־קראַטיע ווי דעם טויט. דער פּאטריאטיזם, וועלכען מארקס פער־דאַמט דאָ אזוי שטארק, איז גראדע אין דער לעצטער צייט אזוי שטאַרק אויפגעבלאָזען געווארען אין פּיעלע לענדער און דער רע־זולטאט איז דער איצטיגער וועלט חורבן.

---

ענדע 1843 איז מארקס אריבערגעפאהרען קיין פּאריז וואו ער, צוזאמען מיט רוגע'ן, האָבען זיך באלד גענומען ארויסגעבען א זשורנאל אונטער דעם נאָמען „דייטש־פראַנצויזישע יאָהרבי־כער". נאָר איין דאָפּעלבאנד איז ערשיענען פון איהם. מארקס האָט דאָרטען צוויי ארטיקלען. איינער הייסט „צו דער קריטיק פון דער העגעליאַנישער פילאָזאָפיע פון רעכט", און דאָס צוויי־טע: „צו דער אידענפראגע". אין דער קריטיק פון דער העגעלי־אַנישער רעכטס פילאָזאָפיע געפינען מיר שוין די אנשויאונגען, וועלכע ער האָט שפּעטער געמאכט די גרונדלאגע פון זיין נאַציאָ־נאל עקאָנאָמישען סיסטעם. עס שפּראָצען שוין דארטען דורך די אידעען, דאָס די ענטוויקלונג פון רעכט, פילאָזאָפיע, מאָראַל און די בילדונג פון פערשיעדענע סאָציאלע אינסטיטוציאנען, העננגט אין גאנצען אָפּ פון די עקאָנאָמישע בעדינגונגען.

זעהר אינטערעסאנט איז דער בריעף־פערקעהר וועלכען מארקס האָט געפיהרט אין 1843 מיט רוגע'ן. דאָס זיינען בריעף, וועלכע האָבען ניט נאָר געהאט א ווערטה צו יענער צייט, נאָר זיי זיינען נאָך אויך פון בעדייטונג אין דער געגענווארט. 75 יאהר זיינען שוין אוועק זייט דאמאלס, און מיר געפינען נאָך די דייי־טשען אין דערזעלבער פּאזע מיט די זעלבע כאראקטער־שטריכען, ווי מארקס בעשרייבט זיי. מיר ווע̇לען דאָ בריינגען א פּאר שטעלען, ווייל זיי העלפען אונז א סך קלאָר צו מאכען דעם כאראַקטער און גייסט פון דעם דייטש. מארקס בעקלאָגט זיך אין א בריעף פון מערץ 1843:

„איך קען זיך ניט פּארשטעלען א פאָלק מעהר צוריסען, ווי די דייטשען. דו זעהסט בעלי מלאכות, אָבער ניט קיין מענשען; דיינקער — אָבער ניט קיין מענשען; בעלי בתים און קנעכט, יונגע און אלטע — אָבער ניט קיין מענשען"...

...„ווע̇לען מיר דערלעבען א פּאָליטישע רעוואלוציאן? מיר,

די צייטנגעגנאָסען פון די דאָזיגע דייטשען? מיין פריינד, איהר גלויבט אין דעם, ווייל איך ווילט זיך אזוי. אָה, דאָס איז מיר זעהר גוט בעקאנט! ווי געשמאַק ס'איז צו האָפען"...

..."איך וויל זעהן א פאָלק, וואס פיהלט זיין אייגענע חרפה, אונאבהענגיג פון אנדערע פעלקער; איך רוף אָן א רעוואלוציאָן, ווען אלע הערצער ווערען אָנגעגריפען און אלעמענס הענד אויפגע־הויבען צו פערטהיידיגען די עהרע פון א פרייען מענישען פון א פרייען קעניגרייך, וועלכע געהערט צו קיינעם ניט, און איז אין גאַנצען זעלבסטשטענדיג. אזוי ווייט וועלען די דייטשען קיינ־מאָל ניט אוועק. היסטאָריש זיינען זיי שוין לאנג אונטערגעגאנ־גען"...

..."איהר זאגט, דאָס פון דער ליבעראלער צבועטסטווא האָט מען שוין ארונטערגעריסען די מאסקע. דאָס איז ריכטיג. נאָך מעהר אפילו ווי דאס. דאָס פאָלק איז אונצופריעדען. עס פיהלט זיך געקריוודעט. פריינד און בעקאנטע ריידען וועגען דעם אי־בעראל. אומעטום הערט מען רעדעס וועגען דעם שיקזאל פון די סטיוארטען און אפילו דער, וועלכער האָט מורא אויסצוריידען א ווארט, שאָקעלט צו מיט'ן קאָפּ צו בעווייזען, דאָס ער לעבט אויך עפּעס איבער. נור אלע ריידען אין ריידען, און דאָס אלעס. איז אבער פאראן אפילו איין מעניש, וועלכער גלויבט דאָס זיין אונצו־פריעדענהייט ווערט געטהיילט פון אלעמען? קאָן מען דען גע־פינען אפילו איין מענישען, וועלכער זאל זיין אזוי נאַריש צו זיין אין טעות בנוגע אונזערע קליינבירגער מיט זייער שעפּסענער מילד־קייט? פופציג יאהר נאָך דער פראנצויזישער רעוואלוציאָן זע־העו מיר נאָך די בענייאונג פון די שאַנדטהאַטען פון אלטען דעס־פּאָטיזם. אָט צו וואס מיר האָבען דערלעבט. זאָגט ניט, אז דאָס ניינצעהנטע יאהר הונדערט טראָגט ניט איבער דעספּאָטיזם. די דייטשען האָבען געלייזט דאָס דאָזיגע פּראָבלעם"...

..."די דייטשע פילאָזאָפען זיינען אלע מאָל געוועזען דיענער. לויט'ן בעפעהל האָבען זיי געוועזען אָדער געשוויגען, ווי קאנט האָט דערויף שוין אָנגעוויזען.

מארקס ציטירט דערביי פון געטהע'ס טאססאָ:

„גלויבט ניט דאָס א ווילדע שטרעבונג צו פרייהייט קלאַפּט ביי ביי מיר אין הארצען. א מענש איז ניט געבאָרען פריי צו זיין.

„פאר דעם עדעלען מענישען קאָן גאָר קיין גרעסערער גליק ניט זייו ווי בעלאנגען צו דעם פירסט וועלכען ער אכטעט.”

אין זיינע אלע בריעף צו רוגע'ן פון יענער צייט דריקט זיך מארקס אויס וועגען דייטשלאנד זעהר ניט ליובענסווערטה. ער זעהט אין זיי א שקלאפען פאָלק. א פאָלק וואס ליעבט צו דיענען זיין קייזער.

אין מארקס'ען האָט געברענט א שנאה צום דייטשען מיטעל קלאס פאר זיין פאָליטישע אונבעוועגליכקייט, צופוילטקייט און קליינליכקייט. ער האָט אויך ניט האָלט געהאט דעם בויערען־קלאס פאר זיין פאליטיישע אונבעוועגליכקייט, צופוילטקייט און מארקס'עס פיינדליכער געפיהל צו זיי איז נאָך שטארקער געווארען אין 1848, נאָכדעם ווי די צוויי קלאסען האָבען פערראטען די רע־וואָלוציאָן.

* * *

לויט זיינע נייגונגען און פארשונגען איז מארקס געוועזען א פילאזאף. אין אוניווערזיטעט איז זיין הויפטבעשעפטיגונג גע־וועזען פילאזאפיע. ער האָט אין זיינע יונגע יאהרען אויך גע־שריעבען פאָעזיע, וועלכע ער האָט קיין מאָל ניט פערזוכט אפילו אָפצודרוקען. ער האָט דאָס אָבער באלד אויפגעגעבען. נאָך זייענדיג א סטודענט האָט ער פערזוכט אויסצואַרבייטען אן איי־גענע סיסטעם פון פילאזאפיע, וועלכע איז געוועזען אין גאנצען אין גייסט פון פילאזאף העגעל. אינטערעסאנט איז, אז העגעל'ס פילאזאפיע האָבען ביידע אויסגעניצט, סיי די רעאקציאנערען, סיי די פארטגעשריטענע. די לעצטע, די „יונגע”, זיינען געוועזען בעקאנט אונטער דעם נאָמען „יונג העגעליאנער”. מארקס האָט זיין פילאָזאָפישע סיסטעם שוין געהאט אויפגעשריבען, אָבער ער האָט זי באלד, ווי ער האָט זי אויפגעשריבען, צוריסען. שוין דאַ־מאלס האָט ער געזוכט אלע פילאָזאָפישע ערשיינונגען צו ערקלע־רען פון אן איינהייטליכען שטאנדפונקט, ארויסגעהענדיג פון איין פונקט, פון איין וועלט אנשויאונג.

דורך זיין פובליציסטישע ארבייט האָט זיך מארקס שפעטער אָנגעשטויסען אָן פראגען און פראבלעמען, וועלכע האָבען איהם גענויטיגט זיך צו נעהמען פאר'ן שטודירען פון געשיכטע און פאָ־ליטישע עקאָנאָמיע. זיינע שפעטערדיגע פאָליטישע ארבייטען זיי־

נען געווארען וועלטבעריהמט און עפּאָכע מאכענד. זיי זיינען אויך זעהר גרויס אין אומפאנג און שטודירענדיג זיין „קאפּיטאל", זעהען מיר, ווי פיעל מאטעריאל ער האָט דורכגעשטודירט פאר זיין ארבייט.

זיינע היסטאָרישע ארבייטען זיינען קליינע און אויך וועניג. דאָס אָבער, וואס ער האָט געשריעבען, צייגט ווי טיעף ער האָט פערשטאנען צו בעגרייפען די געשעהענישען, וועלכע ער האָט בעשריעבען, ווי גוט ער האָט געוואוסט זיי פאנאנדערצופּלאָנטערען און צו מאכען זיי פאר דעם לעזער קלאָר און פערשטענדליך.

זיין וויכטיגסטע ראָלע אָבער בעשטעהט אין דעם, וואס ער האָט געשאפען א נייעם וועגווייזער פאר די, וועלכע ווילען וויסען ווי זיך פאנאנדערצוקלייבען אין דעם גאנצען כאָאָס פון דער געשיכטע. ער האָט געגעבען א נייע פילאָזאָפישע אויפפאסונג פון דער געשיכטע, ער האָט אויפגעדעקט אלע פרוזשינעס, וועלכע טרייבען די רעדע פון דער געשיכטע פון מענשליכען פּראגרעס. זיין מעטהאָדע ווי צו ערקלערען די אלע געשעהעניסען פון דער געשיכטע, זיין סיסטעם, ווי אויסצוטייטשען אלע סאציאלע און פּאָליטישע ערשיינונגען, סאי אין פערגאנגענהייט, סאי אין דער געגענווארט, איז בעקאנט אונטער דעם נאָמען די מאטעריאליסטישע אויפפאסונג פון דער געשיכטע. דאָס איז אויך די גרונדלאגע, דער פונדאמענט, אויף וועלכען מארקס האָט געבויט זיין גאנצע טהעאָריע פון דער נאציאנאל עקאָנאָמיע, די גאנצע געביידע פון דעם וויסענשאפטליכען סאציאליזם. דאָס איז דער באזיס פון דער גאנצער סאציאליסטישער וועלט אנשויאונג. די גרויסע וויכטיגקייט פאר די געשיכטספארשער ליעגט אין די מעטהאָדע, וועלכע מארקס האָט דערביי אָנגעווענדעט, אין די פּרינציפּען, וועלכע ער האָט געברויכט אין שטודירען די מענשליכע געשיכטע.

* * *

מיט זיין סטיל, מיט זיין שארפקייט, מיט זיין קלאָרקייט און מיט זיין וויציגער און בייסענדער קריטיק, קען קארל מארקס גערעכענט ווערען אלס איינער פון די גלענצענדסטע פּובליציסטען אין דער וועלט-ליטעראטור.

## 1

די אינטערנאציאנאלע ארבייטער אסאסיאיישאָן, וועלכע איז געגרינדעט געווארען אין לאָנדאָן, אין סעפּטעמבער 1864, איז ניט געווען די שאפונג פון איין איינצעלנעם מענשען און דאָך איז עס געווען דער איינצעלנער מענש, קארל מארקס, וועלכער האָט דער אָרגאניזאציאן געגעבען איהר פארמע און איהר אינהאלט און האָט אוועקגעשטעלט אלס איהר אויפגאבע די מאָטטאָ: ארביי־טער פון אלע לענדער פעראייניגט אייך אין קאמפף פאר דער בע־פרייאונג פון דעם פראלעטאריאט.

דער גרונד געדאנק פון דער אינטערנאציאנאלער ארבייטער אסאסיאיישאָן איז שוין אין יאהר 1864 ניט געווען קיין נייער. דער אידעאל פון אן אינטערנאציאנאלען צוזאמענבונד פון דער מענשהייט איז איבערהויפּט ניט געבאָרען געווארען אין דער אר־בייטער בעוועגונג, כאָטש דאָ ווערט דיעזער אידעאל אם שטארק־סטען אויסגעדריקט. דער געדאנק פון אלגעמיינער פעלקער־פער־ברידערונג האָט שוין געפונען אן אָפּקלאַנג אין דער צייט פון דער גרויסער פראנצויזישער רעוואלוציאן; שוין דאן האָט מען גערעדט וועגען א וועלט רעפּובליק, וועלכע זאל אָבשאפען אלע נאציאנאלע באריערען און וועלכע זאל ברענגען אויף דער וועלט דעם אלגע־מיינעם פריעדען.

אפילו די ראדיקאלע בירגערשאפט פון ענגלאנד האָט שוין דא־מאלס בעטאָנט איהר צושטימונג צו דיעזען אידעאל. אין נאָוועמ־בער, 1792, האָבען די ענגלישע רעפארמער צוגעשיקט א בעגרי־סונג צום פראנצויזישען קאָנווענט, אין וועלכען עס איז דאָ דער פאלגענדער זאץ:

„ניט דער דריי־בונד פון די קרוינען, נאָר פון די פעלקער פון אמעריקא, פראנקרייך און ענגלאנד וועט ברענגען פרייהייט צו אייראפּא און פריעדען צו דער גאנצער וועלט." אין א צווייטער בעגריסונג פראטעסטירען ענגלישע רעפארמער געגען יעדען גע־דאנק וועגען דער זאָגענאנטער אייביגער פיינדשאפט צווישען ענג־לאנד און פראנקרייך און זיי ווינשען צו זעהן די צוויי נאציאנען פעראייניגט אין א שטארקען, אונאויפלעזליכען בונד, וועלכער זאל

זיין דער אָנפאנג פון א פריינדליכען בונד צווישען אלע פעלקער פון דער וועלט.

אויך אין דער פראנצויזישער און ענגלישער פילאָזאָפיש־פּאָ־ליטישער ליטעראטור פון יענער צייט איז דער געדאנק וועגען אן אינטערנאציאנאלען בונד פון דער גאנצער מענשהייט שוין גאנץ בעשטימט אויסגעדריקט. נאטירליך האָט דיעזער אידעאל געפו־נען דעם שטארקסטען אפקלאנג צווישען די ראדיקאלערע טיילען פון דער בעפעלקערונג. די יולי רעוואלוציאן אין פּאַריז איז איינ־שטימינג אפּלאָדירט געווארען פון די ענגלישע אַרבייטער און די ווירקונג האָט זיך געפיהלט אויף אזוי ווייט ווי די ארבייטער האָ־בען שוין דאמאָלס געשפּיעלט א ראָלע אין עפענטליכען לעבען.

עס זיינען אראנזשירט געווארען גרויסע דעמאָנסטראציאנען אויף וועלכע זיי האָבען זיך ערקלערט סאלידאריש מיט די קעמפּ־פער פון דער יולי רעוואָלוציאן. די קרבנות פון דער רעוואלוציאן זיינען געשטיצט געווארען מיט געלט, און אויף יעדען שריט און טריט האָט זיך געפיהלט די סאלידאריטעט מיט די פּאריזער רע־וואלוציאנערען.

וואס מעהר אבער דער אונטערשיעד צווישען די פערשיעדע־נע קלאסען פון דער געזעלשאפט איז געוואקסען אלץ מעהר זיי־נען די ארבייטער געקומען צום בעוואוסטזיין, אז זיי, אלס א קלאס, האָבען גאנץ אנדערע אינטערעסען, ווי דער קלאס צו וועלכען עס בעלאנגען זייערע אויסבויטער און אונטערדריקער, און אז דער־פאר מוז דער מענשען־בונד און די אינטערנאציאנאלע סאָלידאַרי־טעט אויך נאָכפאָלגען דיזעלבע קלאסען ליניען. דאָס האָט גע־פיהרט צום געדאנק אז די ארבייטער פון אלע לענדער געהערען צוזאמען און אז זיי מוזען זיך אלע פעראייניגען, כדי געמיינשאפט־ליך צו בעשיצען זייערע אינטערעסען געגען די הערשענדע קלאסען פון אלע נאציאנען. עס איז אינטערעסאנט צו בעמערקען, אז דער געדאנק פון אן אינטערנאציאנאלער פערבינדונג פון די ארבייטער פון אלע לענדער איז שוין געווען קלאָהר אויסגעדריקט נאָך אין די דרייסיגער יאהרען פון פאָריגען יאָהרהונדערט, ווען דער ארבייטער קלאס האָט זיך ערשט אָנגעהויבען צו ריהרען.

און אזוי האָט די ענגלישע סאציאליסטישע בעוועגונג נאָך אין יאהר 1832 געשיקט דעלעגאטען אין די פעראייניגטע שטאַאַ־

טען און אויך קיין פראנקרייך צו די טען סימאָניסטען, מיט דעם צוועק צו אגיטירען פאר א פעראייניגונג פון די ארבייטער פון אלע לענדער. די פראנצויזישע ארבייטער פון גאנטעס האָבען געשיקט א צושריפט צו די ענגלישע ארבייטער מיט דער פאלגענדער ער־קלערונג: „די ארבייטער פון אלע לענדער זיינען ברידער. זאל אונזער בונד ניט געשטערט ווערען דורך קיין ים אָדער טייך און דורך קיינע לאנד גרענעצען; לאָמיר זיך אלע שטעלען אין פער־בינדונג, אלע גרויסע שטעדט און אלע אינדוסטריעלע צענטערן פון דער וועלט." — אין א צושריפט צו די אמעריקאנער ארבייטער, בעטאָנט אין ענגלישער געגאָסענשאַפטס קאָנגרעס, אז די ארביי־טער פון אלע סאציאלע און פאָליטישע ריכטונגען מוזען זיך רע־אָרגאַניזירען. און די ענגלישע געווערקשאפטען שרייען אויס צו די פראנצויזישע ארבייטער: „מיר שטימען איין הערצליך, אז די ארבייטער פון אלע לענדער זיינען ברידער."

דער געדאנק פון דעם צוזאמענבינד פון אלע ארבייטער פון אלע לענדער איז אבער אב שטארקסטען אויסגעדריקט געווארען אין דעם לאָנדאָנער ארבייטער פעראיין, דיזעלבע ארגאניזאציאן פון לוין־ארבייטער, וואס האָט אויסגעארבייט די „טשארטע", וועל־כע איז שפעטער געווארען דער פראגראם פון דער טשאַרטיסטען בעוועגונג.

אין אן אויפרוף וואס דיעזער פעראיין האָט אין 1836 ארויס־געלאָזען צו די ארבייטער פון לאנד ווערט דאָס פאלגענדעס גע־זאגט:

„אויב איהר פיהלט מיט אונז, דאן פראקלאמירט אין אייערע ווערקשטאַטען, פערזיגט אין אייערע פעראיינען, זאָגט אָן פון דאָרף צו שטאָדט, פון לאַנד צו לאַנד און פון נאַציאן צו נאַציאן, אז די ארבייטער קענען ניט האָבען צו פערבעסערען זייער לאַגע ביז זיי וועלען האָבען א פאָלקאָמענע רעכט, צוזאמען מיט אלע אנ־דערע גרופען וועלכע האָבען דיזעלבע אינטערעסען ווי די ארביי־טער, צו בעשטימען וועלכע געזעצע זאָלען געפאסט ווערען אום דאָס לאנד זאל רעגירט ווערען מיט יושר און גערעכטיגקייט".

אן אויפרוף וואס דיזעלבע ארגאַניזאציאָן האָט ארויסגעלאָ־זען אין 1873 צו די אמעריקאנער ארבייטער פאנגט זיך אָן מיט די ווערטער: „מיר ווענדען זיך צו אייך אין א גייסט פון ברי־

דערליכקייט, וועלכער פעראייניגט אַלע ארבייטער פון אַלע לענ־
דער". און אין צושריפט צו די אייראפעאישע ארבייטער געשיקט
אין יאהר 1838 ווערט געזאגט פאָלגענדעס: „פראדוציערער פון
רייכטהימער, מיר זעהען אז אונזערע אונטערדריקער זיינען פער־
אייניגט, ווארום זאָלען מיר אויך ניט האָבען אונזער הייליגען ברי־
דערליכען פערבאנד?!"

און פונקט אזוי ווי דער צושריפט וואס דער לאָנדאָנער
ארבייטער־פעראיין האָט געשיקט צו די בעלגישע ארבייטער אין
נאָוועמבער 1836 האָט פערדאמט צווישטיגקייטען צווישען נאַ־
ציאנען, אזוי האָט אויך דער ענטפער פון די בעלגישע ארבייטער
געטהאָן דאָס זעלבע. אין אן אויפרוף צו די אַמעריקאנער ארביי־
טער ווערט געזאגט: „די טיראַנען פון דער וועלט זיינען שטארק
בלויז דערפאר וואס מיר, די מיליאָנען ארבייטער, זיינען ניט פער־
אייניגט." און אין אן אויפרוף צו די פראנצויזישע ארבייטער
ווערט געזאגט: „מיר ווענדען זיך צו אייך, ווייל מיר גלויבען אז
די אינטערעסען פון אונזער קלאַס איבער דער גאנצער וועלט זיי־
נען דיזעלבע".

מיר זעהען, אַלזאָ, אז דער געדאנק פון אן אינטערנאציאנאַלע
פערבינדונג פון אַלע ארבייטער איז אויפגעשוואומען אזוי שנעל
ווי די ארבייטער בעוועגונג האָט זיך אָנגעהויבען צו ענטוויקלען
און האָט ביי יעדער געלעגענהייט געפונען א שטאַרקען אויסדרוק
אין די ארבייטער ארגאניזאציאנען. עס האָבען זיך אבער אויך
געפונען ארגאניזאציאנען, וועלכע האָבען זיך געשטעלט די אויפגאַ־
בע אָנצופיהרען א טהעטיגע פראפאגאנדא פאר דיזען געדאנק און
וועלכע האָבען זאגאר געמאכט א פערזוך צו פעראייניגען די אר־
בייטער פון פערשיעדענע נאציאנען מיט דעם צוועק צו שטע־
לען געמיינשאפטליך אזעלכע פאָדערונגען, וועלכע אינטערעסירען
אַלע ארבייטער.

אין מיטען פון די פערציגער יאהרען האָבען זיך אין לאָנדאָן
צוזאמענגעטראָפען צאָהלרייכע פליכטלינגע פון אַלע אייראפעאישע
לענדער. אין 1844 איז אויפגעקומען דער געדאנק צו גרינדען אן
אינטערנאציאנאלען פעראיין, וועלכער זאָל זיין א צענטער פאר
די דעמאָקראטישע עלעמענטען פון אַלע לענדער. די ארגאניזאַ־
ציאָן, וועלכע איז ענדליך געגרינדעט געווארען אין 1845 אונטער

דעם נאָמען „די דעמאָקראטישע פריינד פון אלע נאציאנען", האָט אבער קיין בעזונדערען ערפאלג ניט געהאַט.

אין פערלויף פון דעם זומער און הערבסט פון דעם זעלבען יאהר, האָבען אין לאָנדאָן שטאַטגעפונען פיעלע אינטערנאציאנאַלע שמחות, וועלכע זיינען בעזוכט געווארען פון דעמאָקראטישע עלעמענטען פון אלע לענדער. די וויכטיגסטע פון דיעזע שמחות איז פארגעקומען דעם 22טען סעפּטעמבער, אויף וועלכער דזשוליאן ג. הארני האופּטרעדנער איז אנוועזענד געוועז. די פייערונג איז געוועזן דער ערשטער צוזאַמענקונפט פון איבער טויזענד פערטרעטער פון דער אינטערנאציאנאלער דעמאָקראטיע און דאָ איז ארויסגעשטעלט געווארען דער לאָזונג אז אינטערנאַציאָנאַליטעט און האַמוניזם דארפען זיין דער ציעל פון דער ארבייטער בעוועגונג.

דער געדאנק פון אן אינטערנאציאנאלען דעמאָקראטישען פערבאנד, וועלכער איז אויפגעהויבען געווארען פון הארני אויף דיעזער פייערונג האָט געפיהרט אין 1846 צו דער גרינדונג פון „ברידערליכע דעמאָקראטען", אן ארגאניזאציאן, וועלכע האָט באלד פעראייניגט דעם ראדיקאלען פליגעל פון די ענגלישע טשארטיסטען און די רעוואלוציאנערע פליכטלינגע פון די אייראפעאישע לענדער.

די „ברידערליכע דעמאקראטען" האָבען פון דאן אָן אנגעהאלטען די פערבינדונג מיט די דעמאָקראטען און רעפארמער ניט נאָר פון אייראפּא, נאָר אויך פון אמעריקא.

אין 1834 איז אין פאריז געגרינדעט געווארען א געהיימע דעמאָקראטישע ארגאניזאציאן פון דייטשע פליכטלינגע, אונטער דעם נאָמען „דער בונד פון שוצלאָזע", פון וועלכען, צוליעב א שפאלטונג אין יאהר 1836, עס איז ענטשטאַנען דער „בונד פון גערעכטע". אין 1840 האָבען מיטגליעדער פון אָט דעם „בונד פון גערעכטע" געגרינדעט אין לאָנדאָן דעם „דייטשען ארבייטער בילדונגס פעראיין", וועלכער איז בעריהמט געווארען אלס „קאָמוניסטישער ארבייטער בילדונגס פעראיין". דאָ, אויף ענגלישע באָדען, איז דער „בונד פון גערעכטע", וועלכער איז ביזהער געוועזן דייטשיש, באלד פערוואנדעלט געווארען אין אן אינטערנאציאנאלער געהיים ארגאניזאציאן. אין דעם „ארבייטער בילדונגס פעראיין" פלעגען אויפטרעטען רעדנער פון אלע נאציאנען. אין

פעברואר 1846, האָט אין דיעזען פעראיין הארני געהאלטען א פארטראג אין וועלכען ער האָט אויסגעדריקט דאָס פאלגענדע:
„די אינטערעסען פון פאָלק אין אלע לענדער זיינען דיזעלבע — די אינטערעסען פון ארבייט, פון דעם פערשקלאפטען און בערויב־טען ארבייטער. אין אלע לענדער לעבען די וואס פראדוצירען ווייץ פון קארטאָפעל. די וואס פיטערען פיה, עסען ניט קיין פלייש. די וואס האָרעווען וויינטרויבען, בעקומען בלויז דעם אָב־פאל. די וואס נעהען קליידער, געהען אָפגעריסען. די וואס פראדוציערען אלעס נויטיגעס, אלעס בעקוועמליכעס און אלע לוק־סוסען זיינען אליין פערזונקען אין עלענד און נויט. זיינען דען די בעדירפניסען און די ווייטאָגען פון די ארבייטער פון אלע לענדער ניט דיזעלבע? זיינען דען זייערע אינטערעסען ניט דיזעלבע?"

קארל מארקס און פריעדריך ענגעלס האָבען געזוכט צו שטע־לען זיך אין פערבינדונג מיט די מעהר אויפגעקלעהרטע ארבייטער פון דעם „בונד פון גערעכטע" און דעם קאָמוניסטישען ארבייטער בילדונגס פעראיין. די צוויי טהעאָרעטיקער פון סאציאליזם האָ־בען דורך זייער איינפלוס געגעבען דעם „בונד פון גערעכטע" א נייע גרונדלאגע און זיי האָבען איהם פערוואנדעלט אין „קאָמו־ניסטען בונד". עס איז גוט בעוואוסט, אז דיעזע פערוואנדלונג איז דער רעזולטאט פון דעם איינפלוס פון דעם „קאָמוניסטישען מאניפעסט", וועלכער האָט געגעבען דער מאָדערנער ארבייטער בע־וועגונג דעם ערשטען טהעאָרעטישען באָדען. עס איז געווען די ערשטע אינטערנאציאנאלע ארבייטער בעוועגונג וואס איז ערשיע־נען אין „קאָמוניסטען בונד". פיעלע פערזאנען, וועלכע זיינען געווען טהעטיג אין געהיים בונד, האָבען שפעטער גענומען א טיכ־טיגען אנטהייל אין דער אינטערנאַציאנאַלער אַרבייטער אסאסי־איישאָן. די טהעאָרעטישע גרונד פרינציפען, וועלכע דער „קאָ־מוניסטען בונד" האָט געהאַט אויפגעשריבען אויף זיין פאָהן, זיינען דיעזלבע פרינציפען וועלכע בינדען נאָך היינט צוזאמען די גאנצע ארבייטער בעוועגונג פון דער וועלט. דאָ אין מאניפעסט פון „קאָמוניסטען בונד", טרעט ארויס דער גרויסער לאָזונג פון מארקס און ענגעלס: „פראָלעטאריער פון אלע לענדער פעראייניגט אייך", אויף זיין זיעגעסצוג איבער דער גאנצער וועלט.

2

די ניעדערלאגע פון דער אכט און פערציגער רעוואלוציאן האט געטויטעט די ארבייטער בעוועגונג אין די אייראפעאישע לענ־דער. דער 10טער אפריל 1848 האט געגעבען א טויט־קלאפ דער טשארטיסטישער בעוועגונג אין ענגלאנד. דער קאמוניסטען פראָ־צעס אין קעלן און די אלגעמיינע רעאקציאן אין דייטשלאנד האָ־בען דערשטיקט די ערשטע קערנער פון א זעלבסטשטענדיגער אר־בייטער בעוועגונג. אויך אין פראנקרייך האט נאפאלעאן'ס שטאאטס־שטרייך געמאכט אן ענדע צו דער שטיקעל בעוועגונג וואס איז נאך איבערגעבליעבען נאך דעם יוני אויפשטאנד.

די ניעדערלאגע פון דער אכט און פערציגער רעוואלוציאן איז אבער נאכגעפאלגט געווארען פון אן אונגעהייערער אינדוסטריעלער אויפלעבונג. דער קאפיטאליזם אין דער מאָדערנער פארמע, וועל־כער האט ביז דאן עקזיסטירט בלויז אין ענגלאנד, האט זיך נאך דער רעוואלוציאן אנגעהויבען פערשפרייטען איבער אלע אייראָ־פעאישע לענדער. אין דייטשלאנד און אין פראנקרייך האבען ער־וואכט נייע קרעפטע. אין דער רעאקציאנערער מיטעל־אייראפא זיינען די נאך עקזיסטירענדע מיטעלאלטערישע טרייד בארריערען צופאלען. דער פרייער גייסט און האנדעלס פרייהייט האבען געזיגט איבער דער אלטער אינדוסטריעלער אונטערדריקונגס סיסטעם. אינ־דוסטריע האט געקראגען א פרייען פעלד פאר ענטוויקלונג.

דער קאפיטאליסט האט אנגעפאנגען זיין זיעגרייכען מארש איבער גאנץ אייראפא.

אין זיין ערפאלג האט ער אבער אויך בעשאפען, ווי מארקס רופט עס אן, זיין אייגענעם בעגראבער.

מיט דער שנעלער ענטוויקלונג פון קאפיטאליזם אין די איי־ראפעאישע לענדער האט די ארבייטער בעוועגונג אנגעהויבען צו ערוואכען. אין פראנקרייך זיינען אויפגעשפרונגען פיעלע פער־שיעדענע סאציאליסטישע און ארבייטער ארגאניזאציאנען. אין דייטשלאנד איז א דאנק לאסאל'ס אגיטאציאן געגרינדעט געווא־רען דער „אלגעמיינער דייטשער ארבייטער פעראיין", און אין ענגלאנד האבען די געווערקשאפטען געמאכט אזא שריט פאר־ווערטס, וועלכען זיי האבען פאר די לעצטע דרייסיג יאהר ניט גע־זעהן.

אין 1862 האָט אין לאָנדאָן שטאַטגעפונען די וועלט אויס־שטעלונג, דער טריאומף פון דער ענטוויקעלטער קאפּיטאַליסטי־וועלט. ביי דעם צוזאמענקונפט פון דער בורזשואזיע האָבען אויך די ארבייטער ניט געפעהלט. פון דייטשלאַנד, אזוי גוט ווי פון פראנקרייך, האָבען די ארבייטער געשיקט דעלעגאטען קיין לאָנ־דאָן. דאָ זיינען זיי געקומען אין נאָהענטער בעריהרונג מיט די ענגלישע ארבייטער און האָבען זיך בעקאנט מיט די ענגליישע אר־בייטער ארגאניזאציאנען, וועלכע זיינען געווען וויניג בעקאנט אויף דעם קאָנטינענט. דיעזע בעקאנטשאפט מיט די ענגלישע ארביי־טער האָט געפיהרט צו אפטע שריפטליכע דיסקוסיאנען. די טרייד יוניאן בעוועגונג אין לאָנדאָן איז דאן געפיהרט געווארען פון מענשען וועלכע האָבען זיך בענוצט מיט דער עקאָנאָמישער מאכט פון די טרייד יוניאנס פאר פאליטישע צוועקען. ביי דער פערבינדונג וואס איז געשלאָסען געווארען אויף דער אויסשטעלונג צווישען די לאָנדאָנער און פאריזער ארבייטער, איז מען געקומען צום בעשלוס צו אראנזשירען געמיינשאפטליכע דעמאָנסטראציאנען, ווען עס וועט זיך האנדלען וועגען אינטערנאציאנאלע פראגען. דער דורכ־פאל פון דעם פוילישען אויפשטאַנד אין 1863, האָט פעראורזאכט פראטעסט דעמאָנסטראציאנען, וועלכע האָבען ווידער געבראכט די פאריזער ארבייטער אין בעריהרונג מיט די לאָנדאָנער. די פראטעסט פערזאמלונג האָט שטאטגעפונען אין אפּריל 1864 אין סט. דזשיימס. עס איז דאָרטען ערוועהלט געווארען א קאָמיטעט פון ענגלישע ארבייטער, וועלכע האָט געשיקט א זארפען פראטעסט צו די ארבייטער פון פראנקרייך. די לעצטע האָבען געשיקט א דעלעגאציע צו ענטפערען אויף דעם פראטעסט. די דעלעגאציע איז אויפגענומען געווארען דעם 28טען סעפּטעמבער 1864, ביי א פערזאמלונג, וועלכע האָט דאן שטאטגעפונען אין סט. מאר־טין׳ס האָל אין לאָנדאָן. דיעזע פערזאמלונג איז געווען דער גע־בורטס פּלאַץ פון דער אינטערנאציאנאלער ארבייטער אסאסיאיי־שאָן.

די פערזאמלונג איז אויך געווען בעזוכט פון דייטשען, פּאָ־ליאקען און איטאליענער. דער פארזיצענדער איז געווען פּראָפּע־סאר ביעזלי, וועלכער האָט זיך שוין פון פריהער בעריהמט גע־מאכט מיט זיין קאמפּף פאר דעם ארבייטער קלאַס. אין זיין

ערעפנונגס רעדע האָט ער איבערגעגעבן די אומשטענדן וועלכע האָבן געפיהרט צו דער פערזאמלונג און ער האָט אויסגעדריקט די האָפנונג, אז די פערזאמלונג וועט פיהרען צו אן ענגער פערבינדונג צווישען די ארבייטער פון אלע לענדער. ער האָט דערביי שטארק פעררדאמט די רעגיערונגען פאר די גוואלדטהאטען און האָט אויפגעפאדערט אלע אנוועזענדע צו בעפרייען זיך פון אלע זעלבסטזיכטיגע אינטערעסען, וועלכען זיינען בעהאלטען אונטער דעם נאָמען פאטריאטיזם.

פאר די ענגלישע ארבייטער האָט גערעדט דער שוסטער אדגער און פאר די פראנצויזען — טאָלעין. דער לעצטער האָט פארגעלעזען דעם ענטפער וואס די פאריזער ארבייטער האָבן געשיקט אויף דעם צושריפט פון די ענגלישע ארבייטער און ער האָט בעטאָנט, אז דער קאפיטאליזם פערוויסטעט די וועלט און פיהרט איין עקאָנאָמישע שקלאפעריי. די אינטערנאציאנאלע געפאהר פון דעם קאפיטאליזם קען בעגעגענט ווערען בלויז דורך אן אינטערנאציאנאלע פעראייניגונג פון אלע לענדער.

א צווייטער פראנצויזישער רעדנער, לע־לובע, האָט ערקלערט די נויטווענדיגקייט פון אן אינטערנאציאנאלער ארבייטער ארגאניזאציאן און ער האָט געמאכט בעשטימטע פארשלעגע פאר אזא ארגאניזאציאן. זיין פלאן איז געווען, אז דער צענטער פון דער ארגאניזאציאן זאל זיך געפינען אין לאָנדאָן און אז אין די הויפטשטעדט פון אלע לענדער זאלען זיין אבטיילונגען. ער האָט אויך געמאכט א פארשלאג איינצוברופען אן אינטערנאציאנאלען קאָנגרעס, וועלכער זאל אפגעהאלטען ווערען אין בעלגיען אין 1865.

דאן האָט ווהילער, דער פאָרשטעהער פון די ענגלישע געווערקשאפטען, אריינגעבראכט די פאלגענדע רעזאלוציאן:

„די פערזאמלונג האָט אויפגענומען דעם ענטפער פון אונזערע פראנצויזישע ברידער אויף דעם צושריפט וואס מיר האָבן געשיקט. מיר בעגריסען זיי ווידער און אום זייער פראגראם זאל העלפען דער ארבייטער פעראייניגונג, נעהמען מיר זי אָן אלס די גרונדלאגע פון אן אינטערנאציאנאלען פערבאנד. מיר בעשטימען גלייך א קאָמיטעט, מיט דעם רעכט צו פערגרעסערען די צאָהל מיטגליעדער, און דער קאָמיטעט זאל אויסארבייטען אלע רעגעלען פאר אזא פערבאנד“.

נאָך פיעלע דעבאַטען איז די רעזאָלוציאָן אָנגענומען געוואָרען. עס איז ערוועהלט געוואָרען אַ קאָמיטעט, אין וועלכען עס איז אויך אריין קארל מארקס.

די אינטערנאַציאָנאַלע ארבייטער אסאָסיאיישאָן איז געגרינ־דעט געוואָרען.

ווי קומט מאַרקס צו דער פערזאמלונג, און ווי ווייט האָט ער מיטגעווירקט אין דער גרינדונג פון דעם אינטערנאַציאָנאַל?

דער לאָנדאָנער ארבייטער קאָמיטעט, וועלכער איז געגרינדעט געוואָרען אין 1864 אויף דעם פוילישען פראָטעסט מיטינג, האָט זעהר געוואָלט אז דער „קאָמוניסטישער ארבייטער בילדונגס פעראיין" זאָל זיך בעטייליגען אין דער פערזאמלונג אין סט. מאַרטין'ס האָל, און אז קארל מארקס זאָל געשיקט ווערען אלס דעלעגאַט. עס איז גאַנץ וואַהרשיינליך, אז עקאַריאוס, אַ גוטער פריינד און שילער פון קארל מארקס, וועלכער איז געווען אַ מיטגליעד פון דעם לאָנ־דאָנער קאָמיטעט, האָט מיטגעווירקט אז מארקס זאָל איינגעלאַדען ווערען אלס דעלעגאַט פון דעם קאָמוניסטישען פעראיין. די איינ־לאַדונג איז אָנגענומען געוואָרען און דער פעראיין האָט געשיקט דעם שניידער לעסנער, צו בעטען מאַרקס'ען, אין נאָמען פון פער־איין, אָנצונעהמען אלס דעלעגאַט צו דער געפּלאַנטער פערזאמ־לונג. מאַרקס האָט די איינלאַדונג אָנגענומען און אויף אזא אופן איז ער געקומען צו דער פערזאמלונג און איז געוואָרען איינער פון די גרינדער פון דעם אינטערנאַציאָנאַל.

אין אַ בריעף צו פריעדריך ענגעלס, וועלכען מאַרקס האָט גע־שריעבען דעם 4טען נאָוועמבער, 1864, האָט ער מיטגעטיילט אַלע איינצעלהייטען וועגען דעם אנטייל וואָס ער האָט גענומען אין דער גרינדונג פון דעם אינטערנאַציאָנאַל.

צווישען אנדערעס דערצעהלט ער דאָרט, אז אַ געוויסער לע־לובע איז צו איהם געשיקט געוואָרען מיט דער אָנפראַגע, אויב ער וועט פערטרעטען די דייטשע ארבייטער ביי דער פערזאמלונג, דעם 28טען סעפּטעמבער, און אויב ער וועט קריגען אַ דייטשען ארבייטער אלס רעדנער. „איך האָב געקראַגען עקאַריאוס און איך בין געזעסען אויף דער פּלאַטפאָרם אלס אַ שטומע פיגור און האָב ארויסגעהאָלפען... איך האָב געוואוסט, אז דיעזען מאָל ווע־לען סיי פון דער ענגלישער און סיי פון דער פראַנצויזישער זייט

פיגורירען „מעבטע" און איך האָב דעריבער בעשלאָסען אָנצוזעהע־מען די איינלאַדונג, ניט אבטענדיג אויף מיין געוועהנליכען רעגעל אָבצוזאָגען זיך פון אזעלכע זאכען". וועגען דער פערזאמלונג גופא שרייבט מארקס:

„אויף דעם מיטינג, וועלכער איז געווען פול בעזוכט ביז דערשטיקט צו ווערען, איז דער לאָנדאָנער פעראיין פון איטאַליענישע אַרבייטער געווען פערטראַטען פון מאַיאָר וואָלף, גאַריבאַלדי'ס אדיוטאַנט. עס איז בעשלאָסען געוואָרען צו גרינ־דען אַן אינטערנאַציאָנאַלע אַרבייטער אַסאָציאַיישאָן, מיט אַ גע־נעראל ראַטה אין לאָנדאָן, וועלכער זאל „פערמיטלען" די אַרבייטער פעראיינען פון דייטשלאַנד, איטאַליען, פראַנקרייך און ענגלאַנד. דערצו זאל אויך איינבערופען ווערען אַן אינטערנאַציאָנאַלער אר־בייטער קאָנגרעס, וועלכער זאל שטאַטפינדען אין בעלגיען אין 1865. אויף דעם מיטינג איז ערוועהלט געוואָרען אַ פּראָוויזאָרישער קאָמיטעט פון אדגער, קרעמער און פיעלע אנדערע, טיילווייז אל־טע טשארטיסטען, טיילווייז אָוענישטען א. ז. וו. אלס פּאַרשטעה־ער פון ענגלאַנד; מאַיאָר וואָלף, פאָנטאַנא און אנדערע אי־טאליענער — פאר איטאַליען; לע־לובע א. ז. וו. — פאר פראַנק־רייך און עקאריאוס און איך אלס פערטרעטער פון דייטשלאַנד. דעם קאָמיטעט איז געגעבען געוואָרען דאָס רעכט צוציהען אנדערע לייטע".

וואס עס האָט זיך אָבגעשפּיעלט הינטער די קוליסען אין פערלויף פון דער צייט צווישען דער פערזאמלונג פון דעם 28טען סעפּטעמבער און די פערעפענטליכונג פון דער ערעפנונגס־רעדע, שילדערט מארקס ווי פאלגט:

„איך האָב בייגעוואוינט דעם ערשטען מיטינג פון דעם קאָמי־טעט. עס איז ערוועהלט געוואָרען אַ סוב קאָמיטעט אין וועלכען איך בין אריין, מיט דעם צוועק צו אויסאַרבייטען אַ פּרינציפּען ערקלערונג און צוזאמענשטעלען אַ פּראָוויזאָרישע פּראָגראַם. צו־ליעב קראַנקהייט האָב איך ניט געקענט בייוואוינען דעם מיטינג פון דעם סוב קאָמיטעט און דעם פאלגענדען מיטינג פון דעם אל־געמיינעם קאָמיטעט.

„מאַיאָר וואָלף האָט געהאַט אָנגעגרייט די סטאַטוטען פון די איטאַליענישע אַרבייטער פעראיינען, כדי צו בענוצען זיך מיט

זיי פאר דער נייער קאָנסטיטוציע. שפּעטער האָב איך פערשטאנען דעם צוג. דאָס איז אייגענטליך געווען די ארבייט פון מאציני, און דו פערשטעהסט דאָך שוין אין פאראוים אין וועלכען גייסט און אין וואס פאר א שפּראך די ווירקליכע פראגע, די ארבייטער פראגע, איז בעהאנדעלט געווארען, און אויך ווי די נאציאנאלי־טעטען געשיכטען זיינען בעהאנדעלט געווארען.

„אויסער דעם האָט אן אַלטער אָועניט, וועסטאָן, יעצט אליין א פאבריקאנט, א זעהר ליעבענסווירדיגער און בראווער מאן — צוזאמענגעשטעלט אַ פּראָגראם, וועלכע איז אויסערגעוועהנליך גרויס און איז א גאנצע צומישעניש.

„ביי דער נעקסטער זיצונג פון דעם אַלגעמיינעם קאָמיטעט איז דער סוב קאָמיטעט בעאויפטראַגט געווארען איבערצוארבייטען וועם־טאָן'ס פּראגראם ווי אויך וואולף'ס סטאטוטען. וואולף אליין איז אפּגעפאהרען קיין נעאפּאל אום ביי־צואוואוינען דעם קאָנגרעס פון די איטאליענישע ארבייטער פעראיינען, און אָנצושליסען זיי אן דער לאָנדאָנער צענטראַלער אסאסיאיישאָן.

„די נעקסטע זיצונג פון דעם סוב קאָמיטעט האָב איך ווידער ניט ביינעוואוינט, ווייל מען האָט מיר צו־שפּעט וועגען דעם גע־לאָזט וויסען. לע־לובע האָט ביי דיעזען מיטינג פאָרגעלייגט א פּרינציפּען ערקלערונג און אן אויסבעסערונג פון וואולף'ס סטא־טוטען און דער סוב קאָמיטעט האָט דאָס אָנגענומען. דער אלגעמיי־נער קאָמיטעט איז זיך צונויפגעקומען דעם 8טען אָקטאָבער. עקא־ריאוס האָט מיר געשריעבען, אז עס איז דאָ א פאָרשטעהענדע גע־פאהר. ווען איך האָב געהערט לע־לובע פאָרלעזען אַ שלעכט געשריעבענע און ניט אויסגעארבייטע איינלייטונג, וואס האָט גע־זאלט דיענען אלס א פּרינציפּען ערקלערונג, וועלכע איז דורכ־געקוקט געווארען פון מאציני און איז פון איהם פערגלעט גע־ווארען מיט אַ שטיקעל אונפערשטענדליכען פראנצויזישען סאציא־ליזם, בין איך שטארק דערשראקען געווארען. אויסער דעם, איז אָנגענומען געווארען די גאנצע איטאליענישע פּראגראם, וועלכע, אויסער אלע פעהלערען, האָט פון דעם פּראקטישען שטאנדפּונקט פּארגעשלאָגען עפּוואס אונמעגליכעס, נעמליך, א מין צענטראַלע רעגירונג פון די איראפּעאישע ארבייטער קלאסען (נאטירליך מיט מאציני אין דעם הינטערגרונד). איך בין ארויס געגען דעם

און נאך א לאנגער דעבאטע האט עקאריאוס פארגעשלאגען אז דער סוב קאמיטעט זאל פון דאס ניי רעדאגירען די גאנצע ערקלערונג. לע־לובע׳ס פארשלאג איז ניעדערגעשטימט געווארען.

„צוויי טעג שפעטער, דעם 20טען אקטאבער, האבען זיך אין מיין הויז פערזאמעלט קרעמער, פאנטאנא און לע־לובע, וועמטאן האט ניט געקענט קומען. ביז יעצט האב איך ניט געהאט אין מיינע הענד וואולף׳ס און לע־לובע׳ס דעקלאראציאנען און איך בין ניט געווען פארבערייטעט. אבער איך בין געווען ענטשלאסען, אז קיין איין פראזע פון די דעקלאראציעס זאל פערבלייבען אין איהר יעצטיגער פארמע. אום צו געווינען צייט, האב איך פארגעשלאגען, אז איידער מען וועט זיך נעהמען צו רעדאגירען די גאנצע איינלייטונג זאל מען דיסקוטירען די איינצעלנע פונקטען. דער פארשלאג איז אנגענומען געווארען. עס איז שוין געווען ארום 1 אוהר ביי נאכט ווען דער ערשטער פון די פערציג פונקטען איז אנגענומען געווארען. קרעמער האט ערקלערט (און דאס איז וואס איך האב טאקע געוואלט) אז מיר וועלען גאר ניט קענען בעריכטען צו דעם קאמיטעט, וועלכער דארף זיך פערזאמלען דעם 25טען אקטאבער. מיר מוזען דאס איבערלאזען ביז דעם ערשטען נאוועמבער. פון דער אנדער זייט קען דער סוב קאמיטעט זיך צוזאמענקומען דעם 27טען אקטאבער און פראבירען אויסצוארבייטען עטוואס בעשטימטעס. דאס איז אנגענומען געווארען און די פאפירען זיינען איבערגעלאזען געווארען ביי מיר.

„איך האב געזעהן, אז עס איז אונמעגליך דערפון עפעס צו מאכען. אויף א העכסט זאנדערבארער ארט, זוכענדיג די דערמאנטע סענטימענטען קלענער צו מאכען און צו פערטהיידיגען, האב איך געשריבען אן אויפרוף צו דעם ארבייטער־קלאס, א מין איבערבליק איבער דעם שיקזאל פון דעם ארבייטער קלאס זייט דעם יאהר 1845; אום אז עס זאל אין דעם אריין אלע פאקטען און אז מיר זאלען ניט מוזען דריי מאל זאגען דיזעלבע זאכען, האב איך געענדערט די גאנצע הקדמה, האב ארויסגעווארפען די פרינציפען ערקלעהרונג און אויפ׳ן פלאץ פון 40 פונקטען האב איך אריינגעשטעלט 10 פונקטען. אזוי ווייט ווי אין דעם אויפרוף ווערט בעהאנדעלט די אינטערנאציאנאלע פאליטיק, ווערט גערעדט פון לענדער, ניט פון נאציאנען און איך האב גערעדט געגען רוסלאנד,

ניט געגען די קלענערע שטאַאטען. אלע מיינע פארשלעגע זיינען אָנגענומען געווארען פון דעם סוב קאָמיטעט. איך האָב אָבער אין דער איינלייטונג פון די סטאַטוטען דערמאָנט די פליכט און רעכט־פראגען א חויז וואהרהייט, מאָראַל און גערעכטיגקייט, אָבער דאָס איז געמאַכט געווארען אַזוי קורץ, אז עס האָט ניט געקאנט שאדען.

אין דער זיצונג פון דעם גענעראל־קאָמיטעט איז מיין אויסרוף מיט גרויס ענטהוזיאזם אָנגענומען געווארען (איינשטימיג). די דעבאטע איבער די אַרט, ווי דאָס צו דרוקען, איז אָבגעלעגט געווארען אויף נעקסטען דינסטאג. לע־לובע האָט איבערגענומען א קאָפּיע פון דעם אויפרוף איבערצוזעצען אין פראנצויזיש און פאָנטאנא האָט עס גערארפט איבערזעצען אין איטאַליעניש. איך אליין האָב דאָס בעדארפט איבערזעצען אין דייטש.

„עס איז געווען זעהר שווער, אז אונזער מיינונג זאל ערשיינען אין אזא פאָרם, דאָס זי זאָל אָנגענומען ווערען פון דעם שטאַנדפונקט פון דער ארבייטער־בעוועגונג. דיזעלבע לייטע וועלען דארפען אין א פאָר וואָכען אָבהאלטען מיטינגען מיט ברייט און גלאַבאָן וועגען שטימ־רעכט. עס פאָדערט זיך צייט, ביז די וויעדער־ערוואכטע בעוועגונג זאל זיך ערלויבען די שטאַרקייט פון דער שפּראך. „שטארק אין דער זאַך און געמעסיגט אין דער פאָרם" איז נויטיג."

דיזע שילדערונג פון מארקס איבער זיין ראָלע ביי דער גרינדונג פון דער אינטערנאציאנאלע, מאכט אן ענדע צו דער לעגענדע, אז ער איז געווען דער אייגענטליכער „גרינדער" פון דיזער בעריהמטער אסאסיאיישאָן. ווי מען זעהט, איז ער צו דער נייער גרינדונג געווען א קריטישער געגנער און אויך ענגעלס האָט אָנפאנגס ניט פיעל ערוואַרטעט פון דער נייער ארבייטער אָרגאַניזאציאָן. אויף די אויבען דערמאָנטע בריעפליכע מיטטיילונג פון מארקס האָט ער געענטפערט:

„דעם אויפרוף צו די ארבייטער ערוואַרט איך. עס מוז זיין אַן אמת'ע קונסט־שטיק, נאָכדעם, וואס דו שרייבסט מיר וועגען די לייטע. עס איז אָבער גוט, אז מיר קומען וויעדער אין פערבינדונג מיט לייטע, וועלכע פערטרעטען וועניגסטענס זייער קלאַס, דאָס איז דאָך ענדליך די הויפּט־זאַך. בעזאָנדערס גוט איז דער איינפלוס אויף די איטאַליענער. איבריגענס, דאַכט זיך מיר,

אז דיעזע נייע אסאסיאיישאָן וועט זיך אין קורצען שפאַלטען דורך
די טהעאָרעטיש־בירגערליכע און טהעאָרעטיש־פּראָלעטארישע עלע־
מענטען".

מען זעהט דאָ, אַלזאָ, ניט אפילו קיין רמז אויף א פּאָראוים
געפּלאַנטער פערבינדונג פון די ארבייטער פון אלע לענדער. ערשט
שפּעטער, ווען אלעס איז געווארען פאַרטיג, האָט מארקס אָנגע־
הויבען פערנעהמען זיין פּלאַץ אין דער אסאסיאיישאָן. ער האָט
זיך ניט געשטויסען צו פערנעהמען אָן אָפּיציעלע שטעלע אין דער
אָרגאַניזאציאָן. ער איז פּיעל מעהר געשטויסען געווארען פון אנ־
דערע דאָס אָנצונעהמען. דאָן אָבער, ווען ער איז געווען אין גע־
נעראל־ראטה האָט ער מיט אלע כחות געזוכט צו ווירקען, אז די
נייע ארבייטער אסאסיאיישאָן זאל אָננעהמען די ריכטונג, וועלכע
ער האָט געהאלטען פאר פּאַסענד. און זיין קענטניס און זיין
שאַרפזין האָט איהם באלד געמאכט פאר דעם איינפלוסרייכסטען
אין דעם גענעראל־ראטה, און דורך דעם איז איהם געלונגען צו
פיהרען די אינטערנאציאָנאלע אויף דעם וועג וואס ער האָט גע־
האלטען פאר ריכטיג. און ער איז דאָן געווארען דער פיהרער.

3

אין דעם ערשטען אויפרוף פון דער ערשטער עפענטליכער
בעקאנטמאַכונג פון דער נייער ארגאַניזאציאָן געפינט זיך נאָך ניט,
ווי מארקס אליין האָט זיך אויסגעדריקט, „די אלטע שטאַרקייט
פון שפראך", אבער איהרע גרונד־פּרינציפּען זיינען אייגענטליך דאָס־
זעלבע ווי דער אינהאַלט פון דעם „קאָמוניסטישען מאניפעסט"
און דער לעצטער זאַץ פון מאַניפעסט, „פּראָלעטאַריער אלער לענ־
דער פעראייניגט אייך", איז אויך געווען דער לעצטער זאַץ פון
דעם ערשטען אויפרוף. די „אינטערנאציאָנאלע ארבייטער אסאַ־
סיאיישאָן" האָט שוין געהאַט דעם טהעאָרעטישען פונדאַמענט איי־
דער זי האָט נאָך עקזיסטירט, פּונקט ווי די טשאַרטיסטען־בעווע־
גונג האָט שוין געהאַט איהר טהעאָריע איידער זי האָט געהאַט
איהר נאָמען.

מען האָט אָבער געדאַרפט ציזאַמענגעהמען אַלעס וואס
פערבינדעט אלע גרופּען און טהעאָריעס און ארויסוואַרפען דאָס
וואס צושיידט איין פּארטיי פון דער אנדערער. דאָס האָט מען

געמוזט טהאָן אויב מען האָט ניט געוואלט, אז די אינטערנאציאַ־נאלע זאל זיין דער טומעל־פּלאַץ פאר אלע אינערליכע שטרייטיג־קייטען.

קאַרל מאַרקס, וועלכער איז אין גענעראל־ראטה דורך זיין ווי־סען און ווייטען בליק גלייך ביים אָנפאנג ארויסגעשוואומען אלס דער פיהרער, האָט דאָס אלעס פערשטאַנען אויסגעצייכענט. ער האָט דאָס וואָס פעראייניגט ארויסגעשטעלט אין דער פראָנט, און האָט דורך דעם צוזאמענגעבראכט פאר איין צוועק די פּרודאָניס־טען, סאציאליסטען, קאָמוניסטען און געווערקשאפטלער. נאָר בלויז א מארקס, וואס האָט ווי אין א שפּיגעל אריינגעקוקט אין דער נשמה פון דער ארבייטער־בעוועגונג, האָט דיעזע אויפגאבע געקענט ערפילען. אָהן איהם וואָלט די אינטערנאציאנאלע פער־איינינגונג פון די ארבייטער נאָך לאנג געדארפט ווארטען אויף איהר פערווירקליכונג.

אין דעם ערשטען אויפרוף האָט מארקס דערפאר ארויסגע־רוקט אין פראָנט די אידעע פון קלאסען־קאמפּף, כדי דורך דעם אוועקצולעגען א פונדאַמענט, אויף וועלכען אלע ארבייטער קענען שטעהן פעראייניגט און ער צייגט אין דערזעלבער צייט אויך אָן די ליניען וואס טהיילען אָב די בירגערליכע וועלט פון דער ארביי־טער וועלט. ער האָט צוליעב דעם געשילדערט די קאפּיטאַליס־טישע ענטוויקלונג אין די יאהרען זייט 1845; האָט אָנגעוויזען אויף איין זייט, דאָס שרעקליכע עלענד, וואס האָט געבראכט די ענטוויקלונג פון דעם ארבייטער קלאס, און אויף דער אַנדערער זייט, דאָס גרויסע רייכטהום, וואס די הערשענדע קלאסען האָבען אָנגעקליבען.

פונקט ווי דער ערשטער אויפרוף, אזוי ווירקונגספול זייי־נען אויך געווען די איבריגע וויכטיגע בעקאנטמאַכונגען פון גע־נעראל־ראטה פון דער אינטערנאציאנאלע, וועלכע זיינען געווען פערפאסט פון קארל מארקס. פונקט ווי ער האָט אָנגעגעבען די ריכטונג צו די פיהרער פון דער אינטערנאַציאָנאַלע, אזוי האָט ער אויך בעגרינדעט דיעזע ריכטונג אין די פערעפענטליכטע מאַ־ניפעסטען. און זייער ווירקונג איז געווען, בעזונדערס אין דער ענגלישער פּאָליטיק, פיעל גרעסער ווי מען נעהמט אָן אין אל־געמיין.

אין דער אגיטאציע פאר פערגרעסערען דאס וואהלרעכט אין ענגלאנד, וועלכע האט אין יאהר 1867 צוגעבראכט א מיליאן פון וועהלער און וועלכע האט זיך שוין אין אנפאנג פון די זעכציגער יאהרען אנגעהויבען צו ענטוויקלען, האט די אינטערנאציאנאלע געשפיעלט א וויכטיגע ראלע. אום אנצופיהרען דיעזע אגיטאציע האט זיך אונטער דער ענגלישער ארבייטערשאפט געגרינדעט א „רעפארם ליעג". קארל מארקס האט דעם 1טען מאי 1865, וועגען דעם געשריעבען צו פרידריך ענגעלס פאלגענדעס:

„דער גרויסער ערפאלג פון דער אינטערנאציאנאלע אסאסיאיישאן איז ווי פאלגט: די „רעפארם ליעג" איז אונזער ארבייט. אין דעם ענגערן קאמיטעט פון צוועלף (זעקס פון דער מיטעל קלאס און זעקס ארבייטער) זיינען אלע ארבייטער מיטגליעדער פון אונזער גענעראל־ראטה (דארונטער עקאריאוס). אלע פערזוכען צו פערפיהרען די ארבייטער קלאסע זיינען ניט געלונגען. געלינגט דיעזע ארגאניזירונג פון דער פאליטישער בעוועגונג פון דער ענגלישער ארבייטער קלאסע, אזוי האט אונזער אסאסיאיישאן, אהן איבערטרייבונג, מעהר אויפגעטהאן פאר דעם אייראפעאישען ארבייטער קלאס ווי עס איז געוועזען מעגליך דורך אירגענד וועלכען וועג. עס זיינען פאראן אלע אויסזיכטען אויף ערפאלג."

און א פאר טעג שפעטער, דעם 13טען מאי, האט מארקס נאך צו ענגעלס געשריעבען פאלגענדעס:

„אהן אונז וואלט דיעזע „רעפארם ליעג" ניט געוועזען צושטאנדע געקומען אדער זי וואלט געוועזען אריינגעפאלען אין די הענד פון דעם מיטעל קלאס".

נאכדעם ווי די רעפארם בעוועגונג האט אין פערלויף פון נעקסטען יאהר אנגענומען א צו־רעוואלוציאנערען כאראקטער, און נאך דעם ווי די ארבייטער רעדנער, וועלכע זיינען אויך געוועזען מיטגליעדער פון גענעראל־ראטה, האבען ביי די מאסען דעמאנסטראציעס דערמאנט, אז דאס ענגלישע פאלק האט שוין א מאל זיין קעניג קורצער געמאכט מיט א קאפ, האט מארקס דאמאלס, דעם 7טען יולי, געשריבען צו ענגעלס פאלגענדעס:

„די לאנדאנער ארבייטער דעמאנסטראציעס, ווען מען פערגלייכט מיט דעם, וואס מיר האבען געזעהן אין ענגלאנד אין

יאָהר 1849, זיינען ריין דאָס ווערק פון דער אינטערנאציאנאלע. הערר לוקראפט, צום ביישפיעל, דער הויפּטמאַן אויף דעם טראַ־פאַלגאר סקווער, איז איינער פון די מיטגליעדער פון אונזער גע־נעראל־ראטה. דאָ זעהט מען ארויס דעם אונטערשיעד פון איי־נעס, וואס ווירקט הינטער די קוליסען אָן צייגט זיך ניט אין דער עפענטליכקייט, און פון איינעם, ווי ביי די דעמאָקראטען, וואס מאכט זיך עפענטליך וויכטיג זיין טהוט גאָר ניט".

קאַרל מאַרקס איז אויך געווען דער, וואָס האָט איינגערעדט דעם „גענעראל ראטה" צו נעהמען אַ שטעלונג צו דער אירלענ־דישער פראגע. ער האָט דיעזע פראגע געוואלט פערענטפערען פון אַן ארבייטער־קלאַס־שטאַנדפונקט.

ער האָט אָנגעוויזען, אז דער ארבייטער קלאַס אין ענגלאנד וועט קיינמאל קיין וויכטיגעס ניט קענען טהאָן איידער ער וועט ניט אויף בעשטימט אָבטהיילען זיך פון דער פּאליטיק פון דעם הערשענדען קלאַס, און ניט נאָר העלפען אירלאנד, נאָר אויף זיך נעהמען די איניציאטיווע צו בעפרייען אירלאנד. דאָס איז אין דעם אינטערעס פון דעם ענגלישען פּראָלעטאריאט. די ערש־טע בעדינגונג פון דער ארבייטער בעפרייאונג אין ענגלאנד איז דאָס פאַלען פון דער ענגלישער באָדענאָליגארכיע (הערשאפט פון די לאנדבעזיצער). דאָס איז אבער אונמעגליך.. דיעזע פּאָזיציע קען ניט געשטורעמט ווערען, אזוי לאנג ווי דיעזער קלאַס האלט זיין שטאַרק־בעפעסטיגטע פּאָזיציע אין אירלאנד. דאָרט איז אָבער פיעל לייכטער צו פערניכטען די לאַנד־אריסטאָקראטיע, אזוי שנעל ווי מען גיט זיי איבער צום אירלענדישען פאָלק, ווייל אין איר־לאנד איז זי אַן עקאָנאָמישע און נ א צ י אָ נ א ל ע פראגע.

אלס אַ בעשטעטיגונג צו דיעזער מארקסיסטישער פּאָליטיק צו אירלאנד, האָט דער גענעראל ראטה פון דער אינטערנאַציאַ־נאלע זיך געשטעלט אויף דער זייט פון דער רעוואלוציאָנערער בעוועגונג פון די אירלענדישע ארבייטער און האָט, צום ביישפיעל, פּראטעסטירט געגען די אונמענשליכע בעהאנדלונג פון די אירלענ־דישע שטאַאטס געפאַנגענע אין ענגלישע קערקערס, וועגען די טויט אורטהיילען און זייער דורכפיהרונג אויף אירלענדישע קעמפּ־פער.

אויך די שטעלונג פון גענעראל ראטה צו דער פראגע פון

נעגער שקלאַפעריי און צום אַמעריקאנישען בירגער קריעג איז געווען די ארבייט פון קאַרל מארקס.

עס איז געווען איהם צו פערדאנקען, וואס באַלד נאָך דער גרינדונג פון דער אינטערנאציאָנאַלע אונטער דעם דירעקטען איינפלוס פון איהר גענעראַל ראַטה, האָבען די לאָנדאָנער אר־בייטער אָבגעהאלטען פּראָטעסט פערזאמלונגען, און זיי האָבען זיך געווענדעט געגען די יוניאָן־פיינדליכע האַנדלונג פון זייערע פאַבריקאַנטען און געגען דער רעגיערונג פון זייער לאַנד. דעם 22טען נאָוועמבער 1864, איז אין גענעראַל ראַטה אָנגענומען גע־ווארען א בעשלוס צו שיקען צום אַמעריקאנער פאָלק א בעגרי־סונג, אין וועלכער מען ווינשט זיי גליק צו דער ווידער־ערוועה־לונג פון לינקאָלן אלס פרעזידענט. דער בריעף איז פערפאסט געווארען פון מארקס'ען און איז איבערגעשיקט געווארען צו לינקאָלן דורך דעם אמעריקאנער קאָנזול אין לאָנדאָן. דער בריעף האָט זיך געלעזען אַזוי:

„אַזוי לאַנג די ארבייטער, די אמת'ע פּאָליטישע מאַכט פון צפון, האָבען ערלויבט די שקלאַפעריי צו שענדען זייער אייגענע רעפּובליק; אַזוי לאַנג ווי זיי האָבען גערעכענט, אז דער ווייסער ארבייטער איז מעהר יחסן אונ'ם בעהערשטען און פער־שקלאַפטען ארבייטער, ווייל ער קען זיך אליין פערקויפען און אליין אויסקלייבען א בעל הבית; אזוי לאנג זיינען זיי געווען אונפעהיג צו קריעגען די אמת'ע פרייהייט פון די ארבייטער אָדער אונטערצושטיצען זייערע ברידער אין זייער בעפרייאונגס־קאַמפף.

„די ארבייטער פון אייראפא זיינען זיכער, אז פונקט ווי דער אמעריקאנער אונאבהענגיגקייטס קריעג מיינט א נייע צייט פאר דער הערשאפט פון דעם בירגער קלאַס, אזוי מוז אויך זיין דער אמע־ריקאנישער אנטי־שקלאַפען קריעג פאר די ארבייטער...״

דיעזער בריעף צו לינקאָלן איז דורך טשאַרלעס פרענ־סיס אדאַמס, דעם אַמעריקאנישען געזאַנדטען אין לאָנדאָן, אי־בערגעשיקט געווארען קיין אמעריקא. עס ווייזט אויס, אז לינ־קאָלן האָט א חוץ אַן ענטפער אויף דער בעגריסונג אויך געשיקט א בריעף צום גענעראַל ראַטה, ווייל מארקס האָט וועגען דעם גע־שריעבען צו ענגעלס'ען פאלגענדעס:

„דער פאקט, אז לינקאָלן האָט אונז געענטפערט אזוי העפ־

ליך און דעם בורזשואזען עמאנציפּאציאנס פעראיין אזוי קאַלט און אפיציעל, האָט די „דיילי ניוס“ אזוי פעררדראסען, אז זי האָט דעם ענטפער צו אונז ניט אָבגעדרוקט“.

עס איז בעקאנט, אז א חוץ דיעזע בעגריסונג צו לינקאָלן האָט די אינטערנאציאנאלע געשיקט נאָך צוויי בעגריסונגען צו אמעריקא, איינעם צו פּרעזידענט דזשאנסאָן, ווען לינקאָלן איז ערמאָרדעט געווארען, און איינעם צום פאָלק פון די פעראייניגטע שטאאטען. אין דיעזע בעגריסונגען ווינשט די אינטערנאציאנאלע גליק דעם אמעריקאנער פאלק צו דער ענדע פון קריעג און צו דער אויפהאלטונג פון דער יוניאן. ביידע בעגריסונגען זיינען געשריבען געווארען פון מארקס'ען.

און ניט בלויז די אויסערע ארבייט צו פערטרעטען די אלגעמיינע פּאָליטישע פראגען פון דער אינטערנאציאנאלע האָט מארקס איבערגענומען, נאָר אויך די אינערליכע ארבייט. די מייסטע אויפרופען, וואס זיינען נויטיג געווען פארצובריינגען דעם יאָהר קאָנגרעס פון דער אסאסיאיישאָן, זיינען געווען פון זיין פעדער. פון איהם קומט דער טעקסט פון די וויכטיגסטע רעזאלוציאנען, וועלכע זיינען רעקאָמענדירט געווארען פון גענעראלראטה און אָנגענומען געווארען פון קאָנגרעס.

די קלאָהרע רעזאלוציאנען איבער די געווערקשאפטען, וועלכע זיינען אויפ'ן קאָנגרעס אין זשענעווא אין יאהר 1866 אָנגענומען געווארען, שטאמען פון מארקס'עס פעדער. זיי זיינען פאר דעם דאמאלסדיגען צושטאַנד געווען פון אזא וויכטיגקייט, וואס מען קען זיך היינט קוים פארשטעלען. אין אייראפא האָבען דאמאלס געווערקשאפטען אויף דעם אופן ווי די טרייד יוניאנס אין ענגלאנד ניט עקזיסטירט. די מארקסיסטישע רעזאלוציאנען פאר דער פערשפּרייטונג פון אזעלכע געווערקשאפטען אויך אין אייראפא האָבען ארויסגערופען אַ שטאַרקע געגנערשאפט ביי די פראנצויזישע און שווייצערישע דעלעגאטען, וועלכע האָבען ערקלעהרט, אז אזא טאָרט געווערקשאפטען וועלען זיך אין אייראפא קיינמאָל ניט ענטוויקלען. אָבער אין צוויי יאהר ארום זיינען אויפ'ן קאָנגרעס פון דעם אינטערנאַציאנאל אין בריסעל געווען אנוועזענד פערציג דעלעגאטען, וועלכע האָבען פערטרעטען געווערקשאפטליכע ארגאַניזאציאנען פון אייראפא.

די געווערקשאַפטס פראַגע האָט מאַרקס אַליין אַרויפגעבראַכט אין גענעראַל ראַטה. פונקט ווי אין דער אינטערנאַציאָנאַלע, אַזוי אויך אין גענעראַל ראַטה, זיינען געווען פערטרעטען די פערשיעדענסטע שטרעמונגען פון דער ארבייטער דעמאָקראַטיע. מען האָט דערפאַר געמוזט שאַפען מיטעל פאַר אויפקלעהרונג און אויב מעגליך דאָס דורכפיהרען איינשטימיג. מיט וואָס פאַר אַן איבערמענשליכער געדולד מאַרקס האָט דערפאַר געאַרבייט, ווערט דערצעהלט פון אַלע, וועלכע האָבען מיט איהם געהאַט פערבינדונגען. די לאַנגווייליגסטע דעבאַטען אין גענעראַל ראַטה האָבען מאַרקס'ען ניט אָבגעהאַלטען זיין אויפקלעהרונגס־ארבייט ביי אַלע זיצונגען פאַרטצוזעצען, און זיין דאַמאַלס זעהר בעשרענקטע צייט — ער איז געווען פערנומען מיט ענדיגע דעם ערשטען באַנד פון „קאַפּיטאַל" — האָט ער אוועקגעגעבען פאַר קלאָהר מאַכען זיינע אידעען צווישען די מיטגליעדער פון ראַטה.

אַלס ביישפּיעל קען דיענען פאָלגענדער פאַקט: איינער פון די מיטגליעדער פון גענעראַל ראַטה, דזשאָהן וועסטאָן, אַן אָנהענגער פון ראָבערט אָוען, האָט געטענה'ט, אַז אַן אַלגעמיינע העכערונג פון ארבייטס לוין פאַר די אַרבייטער וועט גאָר קיין נוצען ניט ברייגגען, ווייל דער קאַפּיטאַל וועט דעם אונטערשיעד פון די העכערונג פון לוין ארויפציהען אויפ'ן פרייז פון זיין סחורה און דער ארבייטער וועט דורך דער טהייערונג בלייבען אין דעמזעלבען אַלטען צושטאַנד. ער וועט קריעגען בלויז מעהר לוין, אָבער וועט בלייבען דער זעלבער אָרימאַן. און דערפאר איז די ווירקונג פון די געווערקשאפטען שעדליך.

מארקס איז אין גענעראַל ראטה ארויס געגען דיעזער מיינונג און האָט וועגען דעם אויף איינע פון די זיצונגען געהאַלטען אַ לאַנגען טהעאָרעטישען פאָרטראַג, וועלכער איז שפּעטער ארויס אין דרוק אונטער'ן נאָמען: „לוין, פרייז און פּראָפיט". ער האָט דאָרט דורך דער געשיכטע פון די געווערקשאַפטען בעוויזען, ווי די ווירקליכקייט צושלאָגט וועסטאָן'ס ארגומענטען. ער האָט דאָרט קלאָהר אַנאַליזירט די געזעצע, וועלכע בעשטימען די העכערונג פון לוין אין דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט. דורך זיינע קלאָהרע ארגומענטען האָט ער געוואונען אויף זיין זייט דעם גענעראַל ראטה, וועלכער האָט שפּעטער געשטיצט כמעט איינ־

שטימיג אויפ'ן אינטערנאַציאָנאַלען קאָנגרעס מאַרקס'עס פאָר־שלעגע, וועגען דער פערשפּרייטונג פון דער געווערקשאַפטען אי־דעע.

ווי ביי די געוועהנליכע פראַגען פון פּאָליטיק און די אי־נערליכע אנגעלעגענהייטען פון דער אַסאָסיאיישאָן, אזוי אויך ווע־גען דער פראַגע פון מלחמה און בעזונדערס אין דער שטעלונג צום דייטש־פראַנצויזישען קריעג פון יאהר 1870-71, זיינען מאַרקס'עס מיינונגען געווען ענטשיידענד פאר דעם גענעראַל ראַטה.

ווען דער דייטשער קריעג האָט אויסגעבראָכען אין יאהר 1866, האָט דער גענעראַל ראַטה אָנגענומען אַ רעזאָלוציאָן, וועל־כע פאָדערט אויף די מיטגליעדער פון דעם אינטערנאַציאָנאַל, דעם קריעג צו בעטראַכטען אַלס אַ מלחמה צווישען צוויי דעספּאָטען. דער ארבייטער קלאַס איז אויפגעפאָדערט מיט קיינעם ניט צו סימ־פּאַטיזירען, צו בלייבען נייטראַל.

אין דער צייט פון פראַנצויזיש־דייטשען קריעג, האָט דער גע־נעראַל ראַטה פערעפענטליכט צוויי אויפרופען, ביידע געשריבען פון קאַרל מאַרקס. פון דיעזע צוויי אויפרופען איז איינער פון בע־זונדערער וויכטיגקייט.

אין דעם ערשטען אויפרוף, וועלכער איז ארויסגעגעבען גע־וואָרען בלויז אַ פּאָר טעג נאָך דער קריעגס־ערקלעהרונג, האָט קאַרל מאַרקס געהאַלטען, אז די מלחמה איז פאר דייטשלאַנד אַ פערטהיידיגונגס־קריעג. דאָס וואס די עמזער דעפּעשע איז גע־פעלשעוועט געוואָרען, איז נאָך דאַמאַלס ניט געווען בעקאַנט. ווערטערליך איז אין דעם אויפרוף געווען געשריבען ווי פאָלגט:

„מיט וואס עס זאָל זיך ניט ענדיגען לואיס באָנאַפּאַרטע'ס מלחמה מיט פּרייסען, דער טויטען־גלאָק פון דער צווייטער פּע־ריאָדע פון קייזערטהום האָט שוין געקלונגען אין פּאַריז. עס וועט זיך ענדיגען ווי עס האָט זיך אָנגעפאַנגען: מיט אַ פּאַראָ־דיע. אָבער לאָמיר ניט פערגעסען, אז די רעגיערונגען און די הערשענדע קלאַסען פון איירָאָפּאַ זיינען עס געווען די, וועלכע האָבען געמאַכט מעגליך לואיס באָנאַפּאַרטע אכצעהן יאָהר לאַנג צו שפּיעלען די ראָלע פון צוריק אוועקצושטעלען די קייזער־פּע־ריאָדע.

„פון דייטשער זייט איז די מלחמה אַ פערטיידיגונגס־קריעג.

אָבער, ווער האָט דייטשלאַנד געצוואונגען זיך צו פערטיידיגען? ווער האָט געמאַכט מעגליך פאַר לואיס באָנאַפּארטע צו פיהרען מלחמה געגען דייטשלאַנד? — פרייסען! ביסמארק איז עס געווען דער, וועלכער האָט מיט דעמזעלבען לואיס באנאפּארטע קאָנספּירירט, אום צו דערשטיקען די אָפּאָזיציע פון דעם פאָלק און דייטשלאַנד איבערצוגעבען אין די הענד פון די האָהענצאָלערן דינאַסטי. וואָלט די שלאַכט ביי סעדאַן געווען פערלארען געגאַנגען אנשטאָט געוואונען, דאַן וואָלטען פראַנצויזישע חיל פערטרונקען דייטשלאַנד, אַלס די פערבינדעטע פון פרייסען".

אין דעם צווייטען קריעגס־אויפרוף, וועלכער איז ארויסגעגעבען געוואָרען נאָכדעם ווי נאַפּאָלעאָן איז גענומען געוואָרען אין פלען ביי סעדאַן, האָט מאַרקס און דער גענעראַל ראטה זיך ערקלעהרט געגען דייטשלאַנד'ס פאָרטזעצונג פון דער מלחמה. דער פערטהיידיגונגס־קריעג איז געוואָרען אַן עראָבערונגס־קריעג, ווי די פערלאַנגטע עראָבערונג פון עלזאַס און לאָטהרינגען האָט דאַן בעוויזען.

„געוויס", האָט קאַרל מאַרקס ערקלעהרט, „דער באָדען פון דיעזע פּראָווינצען האָט פאַר אַ לאַנגער צייט צוריק בעלאַנגט צום פערשטאָרבענעם דייטשען רייך. עס זעהט אויס, ווי די ערד און די מענשען וואָס געהען ארום אויף איהר, מוזען קאָנפיסקירט ווערען פאַר אַן איביגעם אייגענטהום פון דייטשלאַנד. אויב די אַלטע מאַפּע פון אייראָפּאַ זאָל געענדערט ווערען נאָך דעם היסטאָרישען רעכט, דאַן טאָרען מיר אויף קיין פאַל ניט פערגעסען, אַז די פרייסישע אייגענטהימער פון קורפירסט פאָן בראַנדענבורג זיינען אַ מאָל געווען די אייגענטהימער פון דער פּוילישער רעפּובליק."

און אין דיעזען אויפרוף האָט קאַרל מאַרקס פאראויס געזאָגט זיין בעריהמט געוואָרענע נביאות, אַז די עראָבערונגען פון עלזאַס און לאָטהרינגען וועט פראַנקרייך אריינטרייבען אין די אָרעמס פון רוסלאַנד. און עס וועט שפּעטער ארויסקומען אַ נייער גרעסערער קריעג. אָט זיינען ווענען דעם מאַרקס אייגענע ווערטער:

„גלויבען ווירקליך די דייטשע פּאַטריאָטען, אַז פרייהייט און פריעדען וועט זיין געזיכערט אין דייטשלאַנד נאָכדעם ווי זיי צווינגען פראַנקרייך אריינצופאַלען אין די אָרעמס פון רוסלאַנד? ווען

דאָס גליק פון די וואָפען און דער צופיעל מוטה פון ערפאלג און די דינאַסטישע אינטריגעס וועלען דייטשלאַנד פערפיהרען צו רויבען פראנצויזישען באָדען, בלייבט פאַר איהר צוויי וועגען: אָדער זי מוז ווערען דער אָפענער קנעכט פון רוסישע עראָבערונגען, אדער זי מוז זיך נאָך א קורצע פויזע גרייטען צו א נייעם „פערטהיידיגונגס״־קריעג, נישט פאַר איינער פון יענע לאָקאַליזירטע מלחמות, נאָר צו א ראַסען־קריעג געגען די פערבינדעטע ראַסען פון סלאַווען און ראָמאַנען.״

אונזער צייט האָט בעוויעזען, ווי קלאָהר קארל מארקס האָט פאראויסגעזעהן די פּאָליטישע געשעהענישען פון היינט.

אין סעפּטעמבער 1872 איז אין האַאג דער לעצטער קאָנגרעס פון דער אינטערנאַציאָנאַלע ארבייטער אסאסיאיישאָן אָבגעהאַלטען געוואָרען אויף אייראָפּעאישען באָדען. עס איז געווען דער ערשטער קאָנגרעס פון דער אינטערנאַציאָנאַלע, אויף וועלכען מאַרקס האָט זיך פּערזענליך בעטהייליגט. מען האָט דאָן בעשלאָסען דעם גענעראַל־ראַטה פון דער אסאסיאיישאָן איבערצופיהרען פון לאָנדאָן קיין ניו יארק און דערמיט האָט זיך געענדיגט מאַרקס'עס דירעקטע בעטייליגונג אין גענעראַל ראַטה.

נאָך דעם ווי דער האַאגער קאָנגרעס האָט זיך געשלאָסען האָט מאַרקס גערעדט ביי א פאָלקס־פערזאַמלונג אין אמסטערדאַם, וואו ער האָט געזאָגט פאָלגענדעס:

„דער קאָנגרעס אין האַאג האָט פּראָקלאַמירט די נויטווענדיגקייט פון דעם ארבייטער קלאַס צו בעקעמפּפען אויף פּאָליטישען און סאָציאַלען באָדען די אַלטע געזעלשאַפט, וועלכע האַלט ביים צופאַלען. א גרופּע פון אונזער מיטע האָט געפּרעדיגט, אז די ארבייטער זאָלען זיך דערווייטערן פון פּאָליטיק. מיר האָבען עס געהאַלטען פאַר אונזער פליכט צו ערקלעהרען, ווי געפעהרליך אזעלכע פּרינציפּען זיינען פאַר אונז.

„דער ארבייטער מוז א מאָל האָבען די פּאָליטישע מאַכט אין דער האַנד, אום די נייע ארגאַניזאַציאָן פון ארבייט אויפצובויען. ער מוז אַרונטערוואַרפען די אַלטע פּאָליטיק, וועלכע האַלט אויף די אַלטע איינריכטונגען, ווען ער וויל ניט, ווי די אַלטע קריסטען, גאָר ניט געניסען פון דער וועלט.״

צום שלוס האָט מאַרקס אין זיין רעדע אָבגעגעבען אן ער־

קלערונג, וועלכע שטעלט פאר זיין לעצטע אפיציעלע טהעטיג־קייט אלס מיטגליעד פון גענעראל־ראטה פון דער אינטערנאציאנא־לע ארבייטער אסאסיאיישאן:

„איך פון מיין זייט וועל בלייבען טריי די מיר געשטעלטע אויפגאבען און וועל שטענדיג דערפאר ארבייטען, צו ערקלערען אונטער אלע ארבייטער די וויכטיגקייט פון דער סאלידאריטעט. ניין, איך ציה זיך נישט צוריק פון דער אינטערנאציאנאלע. מיין גאנץ לעבען אין דער צוקונפט, פונקט ווי אלע מיינע בעמיהונ־גען אין דער פערגאנגענהייט, וועלען זיין געווידמעט פאר דעם זיעג פון די סאציאלע אידעען, וועלכע וועלען אמאל פיהרען צו דער וועלט־הערשאפט פון פראלעטאריאט."

וואס מארקס האט דארט פערשפראכען, האט ער געהאלטען. איך נאך דעם האאגער קאנגרעס איז קארל מארקס געוועזן דער, וועלכער האט מיט זיינע גרויסע געדאנקען פערשפרייט די פראלעטארישע בעוועגונג.

קארל מארקס קען ניט פארגעשטעלט ווערען אלס דער „גרינ־דער" פון דער אינטערנאציאנאלער ארבייטער אסאסיאיישאן. די־זע ערשטע גרויסע פערבינדונג פון די ארבייטער פון אלע לענדער האט ניט געהאט קיין גרינדער אין פולען זין פון ווארט. זי איז ענטשטאנען אלס א נויטווענדיגקייט פון דערווירטשאפטליכער ענטוויקלונג. אבער ער האט דער ארגאניזאציאן ערשט געגעבען איהר אינהאלט. ער האט בעשטימט איהר ריכטונג און עס איז געוועזן א דאנק זיין אונערמיעדליכע ארבייט וואס די אינטערנא־ציאנאלע איז געווארען וויכטיג.

דערפאר וועט דער נאמען פון קארל מארקס תמיד זיין זעהר ענג פערבונדען מיט דער אינטערנאציאנאלער ארבייטער אסא־סיאיישאן.

קארל מארקס האָט וועגען אידען אָנגעשריבען בלויז איין אַר־טיקעל. וועגען דעם דאָזיגען אַרטיקעל זאָגט פראַנץ מעהרינג, דער פערפאַסער פון דער געשיכטע פון דער סאָציאַל דעמאָקראַטישער בעוועגונג אין דייטשלאַנד און דער רעדאַקטאָר פון קאַרל מארקס „נאַכלאַס", אַז דאָס איז דאָס בעסטע און דאָס געניאַלסטע, וואָס קאַרל מאַרקס האָט געשריבען, וועהרענד פראָפעסאָר בולגאַקאָוו זאָגט, אַז דאָס וואָס קארל מאַרקס האָט געשריבען וועגען דער אידען־פראַגע האָט אויף איהם געמאַכט דעם אָבשטויסענדסטען איינדרוק און ער קען זיך ניט ערקלערען ווי אַזוי קאַרל מארקס האָט געקענט מאַכען אַזאַ שאַרפען, בעליידיגענדען אַנגריף אויף דעם פאָלק פון וועלכען ער שטאַמט אַליין ארויס.

וועלכע מיינונג איז די ריכטיגע? — מיט דעם גרעסטען רעספּעקט צו פראַנץ מעהרינגס ברייטע און טיעפע קענטניס פון סאָציאַליזם און זיין אונפערגלייכליך גרויסע בקיאות אין קאַרל מאַרקס, מעג מען דאָך צו זיין מיינונג, וועגען דעם אַרטיקעל פון קאַרל מאַרקס איבער דער אידען פראַגע, זיך פערהאַלטען גאַנץ פאָרזיכטיג. פראַנץ מעהרינג אַליין איז זעהר שטאַרק געשטרויכעלט אין אַנטיסעמיטישע געפיהלען. זיי זיינען איהם געבליבען בירושה פון יענע צייטען, איידער ער איז נאָך געוואָרען אַ סאָציאַל דעמאָקראַט. עס שיינט, אַז דער אַנטיסעמיטיזם איז ביי פראַנץ מעהרינג געווען אַזוי שטאַרק איינגעוואָרצעלט אין זיין יוגענד, דאָס ער האָט זיך פון איהם ניט געקענט בעפרייען, ווען ער איז אפילו געווארען אַ סאָציאַליסט און איינער פון די פּראָמינענט־סטע טעאָרעטיקער און שריפטשטעלער פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. פראַנץ מעהרינג האָט אַפילו אין זיין געשיכטע פון דער דייטשער סאָציאַל דעמאָקראַטיע, ווען ער קומט צו פער־דינאַנד לאַסאַל, זיך ניט געקענט בעפרייען פון זיינע אַמאָליגע אַנטיסעמיטישע טעאָריעס. אין זיין פערגלייך, וואס ער מאַכט צווישען פערדינאַנד לאַסאַל און קארל מאַרקס, געפינט זיך זעהר אַ שטאַרקע דאָזע אַנטיסעמיטיזם. פערדינאַנד לאַסאַל האָט קיין חן ניט געפונען אין די אויגען פון פראַנץ מעהרינג. זיינע הויפט חסרונות געפינט ער אין דער אידישקייט פון לאַסאַל'ען. לאַסאַל האָט זיך ניט בעפרייט פון אידענטום און דאָס האָט אויף איהם געהאט די שעדליכסטע ווירקונג, וועהרענד קאַרל מאַרקס האָט זיך

פּאָליטישטענדיג בעפרייט פון אידענטום און ער איז דעריבער געווען פריי פון דער שעדליכער ווירקונג פון אידענטום אויף זיין געדאַנקען־גאַנג און אויף זיין לעהרע — דאָס איז די מיינונג פון פראַנץ מעהרינג.

פראַנץ מעהרינג האָט זיך פון זיינע אַנטיסעמיטישע טעאָריען ניט געקענט בעפרייען אפילו אין דער לעצטער צייט, ווען ער האָט געשריבען זיין פאררעדע אין דעם „נאַכלאַס" פון קאַרל מאַרקס צו דעם אַרטיקעל די „אידען־פראַגע". דיזע פאָררעדע איז געשריבען געוואָרען אין אַ צייט, ווען דאָס אידישע פאָלק האָט שוין געהאַט אַ גאַנץ אַנדער פּנים, ווי אין דער צייט, ווען קאַרל מאַרקס האָט געשריבען זיין אַרטיקעל. די פאָררעדע איז פון פראַנץ מעהרינג געשריבען געוואָרען, ווען דאָס אידישע פאָלק האָט מיט זיך שוין מעהר ניט פאָרגעשטעלט אַ בורזשואַזען קלאַס, ווי אין די פערציגער יאָהרען פון 19־טען יאָהרהונדערט אין דייטשלאַנד, ווען קאַרל מאַרקס האָט זיין אַרטיקעל געשריבען. די פאָררעדע איז פון פראַנץ מעהרינג געשריבען געוואָרען, שוין לאַנג נאָכדעם, ווי קאַרל קאַוטסקי האָט געשריבען זיין אָבהאַנדלונג וועגען דער אידען־פראַגע, וואו ער נעהמט אַ פּאָליטענדיג געגענגעזעצטען שטאַנדפּונקט, ווי קאַרל מאַרקס אין זיין אַרטיקעל. נאָך מעהר. די פאָררעדע פון פראַנץ מעהרינג איז געשריבען געוואָרען, ווען די אידישע אַרבייטער בעוועגונג אין רוסלאַנד האָט שוין געצייגען די אויפמערקזאַמקייט פון דער גאַנצער סאָציאַליסטישער וועלט און ווען די אידישע פאָלקס־מאַסען זיינען בעצייכענט געוואָרען אַלס די טרעגער פון דער רוסישער רעוואָלוציע.

אין זיין פאָררעדע צו דעם אַרטיקעל פון קאַרל מאַרקס וועגען דער אידען־פראַגע, ערקלערט פראַנץ מעהרינג, אַז די אידען אין דייטשלאַנד האָבען זיך ניט בעטייליגט אין דער לויבענסווערטער אַרבייט פון די דייטשע דענקער און דיכטער. בלויז מענדעלזאָהן האָט זיך פערדיענט געמאַכט פאַר'ן דייטשען פאָלק דערמיט וואָס ער האָט געאַרבייט צו קולטיווירען די אידען. אָבער טאַקע פון מענדעלזאָהן'ס אַרבייט גופא, זאָגט מעהרינג, קען מען זעהן ווי ווייט די אידען זיינען געשטאַנען פון דעם גייסטיגען לעבען פון דער דייטשער נאַציאָן. מענדעלזאָהן האָט געמוזט איבערזעצען די ביבעל אין דער דייטשער שפּראַך מיט אידישע בוכשטאַבען. דאָס בע־

ווייזט, אז די אידען האָבען אפילו רעכט דייטש ניט געקענט. די שפּראַך פון די אידען איז דאַן געווען, דערצעהלט מעהרינג, א אי־דיש־דייטשער זשאַרגאָן, א שרעקליכער געמייש פון פערדאָרבענע דייטש, העברעאיש, סלאַוויש און אנדערע שפּראַכען. דאָס אידישע פאָלק האָט, אַלזאָ, נאָך פאַר א לאַנגע צייט ניט געקענט זיין קיין אקער־פעלד פאַר דער זריעה פון דער דייטשער קלאַסישער ליטעראַ־טור און פילאָזאָפיע.

פון דיעזער קורצער בעמערקונג קען מען זעהן ווי עכט נאַציאָ־נאַל געמאַניש און ווי בעשרענקט און קאָנסערוואַטיוו פראַנץ מעהרינג׳ס בליק איז נאָך א סך שפּעטער פון מאַרקס׳ען געבליבען וועגען דער אידען־פראַגע.

ערשטענס איז די בעהויפּטונג פון פראַנץ מעהרינג פאַקטיש ניט ריכטיג, אז די אידען האָבען זיך ניט בעטייליגט אין דער אר־בייט פון די דייטשע דענקער און דיכטער. ווען פראַנץ מעהרינג האָט זיינע בעהויפּטונגען געשריבען, האָט ער גאַנץ גוט געוואוסט, אז צווישען די גרויסע דייטשע דענקער ווערט גערעכענט דער איד פערדינאַנד לאַסאַל און אז צווישען די גרעסטע דייטשע דיכטער ווערט גערעכענט דער איד היינע, דער פּאָפּולערסטער דיכטער אין דייטשלאַנד. ער האָט אויך געוואוסט, אז די אידען לודוויג בערנע און סאַפיר רעכענען זיך צווישען די דייטשע קלאַסיקער.

צווייטענס בעטראַכט פראַנץ מעהרינג די אידען־פראַגע בלויז פון א ריין דייטשען נאַציאָנאַלען שטאַנדפּונקט. עס האַנדעלט זיך ביי איהם בלויז וועגען דעם אויף וויפיעל די אידען זיינען דייטשען און וויפיעל די אידען זיינען דורכגעדרונגען מיט דער דייטשער קולטור און אויף וויפיעל זיי האָבען מיטגעהאָלפען די דייטשע קולטור אין איהר ענטוויקלונג. אז די אידען אין דייטשלאַנד האָבען געקענט בלייבען ביי זייער אייגענער קולטור און זיך ענט־וויקלען אויף זייער אייגענער ארט, פאַלט איהם גאַר ניט איין.

עס וועט אָבער דאָך זיין דורכאויס פאַלש, ווען מען זאָל אָנ־רופען פראַנץ מעהרינג אַנטיסעמיט. שטאַרקער ווי אַלע וואָלט גע־גען אזא נאָמען פראַנץ מעהרינג אליין פּראָטעסטירט. ער וואָלט זאָגאַר ניט קענען בעגרייפען ווי אזוי מען קען איהם חושד זיין אין אנטיסעמיטיזם, ווען ער אליין האָט פאַר די לעצטע פאָר צעהנדליג

יאָהר אָנגעפיהרט אזא ענערגישען קאמפף געגען דעם אנטיסעמי־טיזם אין דייטשלאַנד.

אנטיסעמיטיזם איז א פּאָליטישע בעװעגונג אין דייטשלאַנד. אנטיסעמיטיזם בעצװעקט צו בעשרענקען די רעכטען פון די אידען, שאפען פאר זיי בעשרענקונגען. אזא בעװעגונג איז רעאַקציאָנער און דארף פערדאמט װערען. געגען אזא בעװעגונג מוז מען קעמפ־פען מיט דער גאנצער ענערגיע. אָבער עס האָט גאָר ניט צו טהאָן מיט אַנטיסעמיטיזם, װען מען קריטיקירט דאָס יודענטום, װייל קריטיק דארף זיין פריי. אזוי װי מען מעג קריטיקירען דאָס קריס־טענטום מעג מען אויך קריטיקרען דאָס יודענטום. די אידען דארפען אין דעם פּרט ניט זיין מעהר פּריװיליגירט װי די קריסטען. פראַנץ מעהרינג זאגט עס אויך טאקע אין איין פּלאַץ.

אָבער גאנץ גלייך װאס עס דארף זיין דער ריכטיגער נאָמען פון פראַנץ מעהרינג'ס בעציהונג צום יודענטום, מיר זיינען גע־װעהנט צו בעצייכענען אזא בעציהונג מיט דעם נאָמען אַנטיסעמי־טיזם, הגם לויט דעם דייטשען בעגריף איז אַזאַ בעצייכנונג דורכ־אויס פאלש.

מען דארף דעריבער אָננעהמען, אז די בעגייסטערונג פון פראַנץ מעהרינג פאר דעם ארטיקעל פון קארל מארקס, איז ניכער געקו־מען פון די שארפע, געפעפערטע אויסדריקע װאָס געפינען זיך אין איהם װעגען יודענטום, איידער די גרויסע װאהרהייטען, װעלכע זיי־נען אין איהם ארויסגעזאָגט געװארען. דער ארטיקעל האָט איינ־פאך אפּעלירט צו זיינע געפיהלען, װעלכע זיינען אין איהם געבלי־בען פון זיינע יונגע יאהרען און װעלכע ער האָט פון זיך ניט געקענט אויסװאָרצלען אין זיין טיעפען סאציאליסטישען על־טער.

די ענטריסטונג פון פּראָפעסאר בולגאקאָװ איבער דעם ארטי־קעל פון קארל מארקס איבער דער אידען פראגע איז אלענפאלס מעהר א בערעכטיגטע, װי פראַנץ מעהרינגס בעגייסטערונג. די אויסדריקע װאס קארל מארקס געברויכט אין זיין ארטיקעל מוזען ארויסרופען ענטריסטונג. אָבער אויך פּראפעסאר בולגאקאָװ האָט שטארק איבערטריבען אין זיין ענטריסטונג. קארל מארקס האָט דאָך ניט געמיינט אזוי שלעכט, װי זיינע שארפע אָנגריפע מאכען דעם איינדרוק. אלענפאלס דארף ניט און קען ניט דער ארטיקעל

פון קארל מארקס אויסגעטייטשט ווערען אלס אן אויסדרוק פון אנטיסעמיטיזם, ווי מיר פערשטעהען איהם היינט, און נאָך וועניגער קען מען פון איהם דרינגען, אז קארל מארקס, דער קעמפפער פאר גערעכטיגקייט, פאר גלייכהייט און פאר דער בעפרייאונג פון אלע אונטערדריקטע, איז געווען אן אנטיסעמיט.

נאָר לאָמיר צוערשט זעהן וואס אין דעם ארטיקעל איז געשריבען געוואָרען, אונטער וועלכע אומשטענדען ער איז געשריבען געוואָרען און אין וואס פאר א צייט.

דער ארטיקעל פון קארל מארקס איבער דער אידען־פראגע איז געשריבען געוואָרען אין יאָהר 1844. פיער יאָהר פאר דער רעוואָלוציע אין דייטשלאנד. פאר די אידען אין דייטשלאנד האָבען דאן עקזיסטירט פערשיעדענע בעגרענצונגען און בעשרענקונגען. אמערגסטען איז געווען די לאגע פון די אידען אין פרייסען. צווישען אלע אנדערע פאָליטישע און רעכטליכע פראגען, וועלכע זיינען געשטאנען אויף דער טאגעס אָרדנונג אין די רעוואָלוציאָנערע און ליבעראלע קרייזען אין פרייסען איז אויך געשטאנען די אידען־פראגע, דאָס הייסט די גלייכבערעכטיגונג אָדער די עמאנציפאציאָן פון דער אידישער בעפעלקערונג.

די פרייסישע רעגירונג האָט געפיהרט אן אנטיסעמיטישע פאָליטיק. זי האָט געטהאָן דאָס זעלבע, וואָס די צארישע רעגירונג אין רוסלאנד. זי האָט בענוצט די אידען אלס א בליץ־אָבלייטער פאר דעם צאָרן פון פאָלק. אנהעצענדיג דאָס אונצופריעדענע פאָלק אויף די אידען, האָט די דייטשע רעאקציאָנערע רעגירונג זיך דערוויל בעפרייט פון דעם צאָרן פון פאָלק וואָס איז געווען געריכטעט געגען איהר. דער בעריהמטער לודוויג בערנע האָט פערגליכען די אנטיסעמיטישע פאָליטיק פון דער דייטשער רעגירונג צו דער טאקטיק פון די אינדיער, ווען זיי ווילען פאנגען א ריעזען־שלאנג. זיי לאָזען לויפען פאראויס אן אָקס, דער ריעזען־שלאנג כאפט זיך ארום איהם ארום, צודריקט איהם און פרעסט איהם אויף. נאָך דעם גרויסען, פעטען מאָלצייט, וואס ער האָט געהאט, שלאָפט דער ריעזען־שלאנג איין און דאן נעהמען איהם זיינע יעגער געפאנגען. דאָס איז אויך געווען די טאקטיק פון דער דייטשער רעגירונג מיט דעם דייטשען פאָלק. זי פלעגט די דייטשע מאסען אָנרייצען אויף די אידען, זיי פלעגען זיך פערשכור'ען מיט אידען־האס, אריינ־

פאַלען אין א שלעפעריגען פאָליטישען צושטאַנד און דאַן פלעגט די רעגירונג קענען טהאָן מיט'ן פאָלק, וואס זי האָט געוואָלט.

די אידען־פראַגע איז געוואָרען א טייל פון דעם פּראָגראַם פון דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג אין דייטשלאַנד. מען האָט געזוכט אויף איהר אן ענטפער, אָבער די בעציהונגען צו די אידען אין דייטשלאַנד איז אפילו צווישען די רעוואָלוציאָנערע קרייזען געווען ניט קיין איבעריגס פריינדליכע.

די אידען אין דייטשלאַנד, ניט קוקענדיג אויף אלע בעשרענקונגען און בעגרענצונגען, וואס האָט עקזיסטירט פאר זיי, האָבען זיך דאָך עקאָנאָמיש געפונען אין א פּריווילעגירטע לאַגע. דער גאַנצער גרויסער טייל פון דער אידישער בעפעלקערונג האָט בעלאַנגט צום בורזשואַזנעם קלאַס, קיין ארבייטער זיינען צווישען די דייטשע אידען כמעט ניט געווען. די אידישע בעפעלקערונג אין דייטשלאַנד איז בעשטאַנען פון א געלד און א האַנדעלס־קלאַס, פון גרויס־בורזשואַזיע, מיטעל־בורזשואַזיע און קליין הענדלער. א בעדייטענדער טייל האָט זיך בעשעפטיגט מיט וואוכער, גרויסע פּראָצענטניקעס און קלענערע.

עס איז אמת, אז די אידישע בעפעלקערונג אין דייטשלאַנד האָט אויך געהאט א גאַנץ גרויסע צאָהל אינטעליגענטען און געלעהרטע, אָבער פיעלע פון דער אידישער אינטעליגענץ האָבען זיך געהאַלטען פרעמד און אָבגעזונדערט פון זייער אייגענעם פאָלק, מאסען האָבען זיך גע'שמד'ט און ניט ווייניג פון זיי זיינען געוואָרען ערגערע אנטיסעמיטען ווי די דייטשען גופא.

די פאָדערונג פון גלייכבערעכטיגונג פאר אידען צווישען א גרויסען טייל פון די דייטשע רעוואָלוציאָנערען און ליבעראַלען איז ניט געקומען פון א סימפּאַטיע געפיהל צו דער פערפאָלגטער אידישער בעפעלקערונג, נאָר פון אן אַלגעמיינעם פּאָליטיש רעכטליכען פּרינציפּ. אין די רעוואָלוציאָנערע קרייזען האָט מען ניט בעטראַכט די אונטערדריקונג פון אידען אלס אן אונטערדריקונג פון שוואכע. זיי האָבען גיכער בעטראַכט די אידען אלס שטאַרקע, אלס א שטאַרקען עקאָנאָמישען קלאַס, וואס האָט א גרויסע מאַכט אין לאַנד, ניט קוקענדיג אויף דעם וואס עס עקזיסטירען געגען איהם פּאָליטישע און בירגערליכע בעשרענקונגען.

די בעציהונג צום אידישען פאָלק, וואס האָט עקזיסטירט אין

יענער צייט אין דייטשלאַנד, גיט איבער לודוויג בערנע אין איינער פון זיינע שריפטען, וואו ער זוכט צו ערקלערען פון וואַנען עס נעהמט זיך די שנאה פון די דייטשע פאָלקס־מאַסען און פון אַ גרויסען טייל פון דער דייטשער אינטעלעגענץ צו די אידען. לודוויג בערנע בע־מערקט, אַז דער האַס און דער קאַמפף פון דעם דייטשען פאָלק געגען דער דייטשער אַריסטאָקראַטיע, האָט דעם דייטשען פאָלק אויך פיינדליך געמאַכט געגען די אידען. דאָס דייטשע פאָלק האָט געזעהן ביי די אידען די מאַכט פון הערשאַפט פונקט ווי זי האָט עס געזעהן ביי דער אַריסטאָקראַטיע. די אידען און דער אַדעל, די פערזענליכע אַריסטאָקראַטיע און די מיטגעבאָרענע, די הער־שאַפט פון געלד און די הערשאַפט פון אַריסטאָקראַטישען יחוס, זיינען ביידע צוזאַמען בעטראַכט געוואָרען פון דייטשען פאָלק אַלס די זיילען, אויף וועלכע עס האַלט זיך די פעאָדאַליסטישע מאַכט אין דייטשלאַנד. דער קאַמפף געגען דער געבאָרענער אַריסטאָ־קראַטיע האָט דעריבער אויך אַרויסגערופען דעם קאַמפף געגען דער פערזענליכער אַריסטאָקראַטיע, געגען דער אידישער געלד־מאַכט. דערמיט ערקלערט זיך אויך וואָס זאָגאַר איזא ליבעראַלער פילאָ־זאָף ווי פיכטע איז געווען ניט פריינדליך צו אידען.

דערצו דאַרף גענומען ווערען אין בעטראַכט נאָך עטוואַס. אין יענער צייט האָבען די „יונג־העגעליאַנער“, די דייטשע אינ־טעליגענץ, וועלכע האָט געזוכט דורך די הילף פון העגעל׳ס פילאָ־זאָפיע צו פערשפרייטען פרייהייטס־אידעען צווישען דייטשען פאָלק, אָנגעפיהרט זעהר אַן ענערגישען קאַמפף געגען דער קריסט־ליכער רעליגיאָן, און עס איז געווען ניט מעהר ווי לאָגיש, אַז אָנ־פיהרענדיג אַ קאַמפף געגען קריסטענטום זאָלען זיי אויך אָנפיהרען אַ קאַמפף געגען יודענטום.

אָט דאָס איז געווען די אַטמאָספערע, אין וועלכער קאַרל מאַרקס האָט געשריבען זיין ארטיקעל וועגען דער אידען־פראַגע.

קאַרל מאַרקס, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס ער איז אליין געבאָרען געוואָרען פון אידישע עלטערען, איז לויט זיין ערציהונג און זיין געזעלשאַפטליכען פערקעהר אין גאַנצען געווען פרעמד מיט דער אידישער בעפעלקערונג. ער האָט מיט איהר קיין פער־בינדונגען ניט געהאַט און קיין פערקעהר ניט געהאַט. ער האָט זי ניט געקענט און עס קען מעגליך זיין, אַז קאַרל מאַרקס וואלט

קיין מאָל די אידען־פראַגע ניט בעריהרט, ווען ניט אן אָבהאַנדלונג פון ברונאָ באַוער, א געוועזענער פריינד פון קאַרל מאַרקס, איבער דער אידען־פראַגע, מיט וועלכער ער האָט זיך פעראינטערעסירט און האָט זי גענומען אונטער זיין שאַרפען קריטישען מעסער.

די אָבהאַנדלונג וועגען דער אידען־פראַגע פון ברונא באַוער איז ערשיענען אין יאָהר 1843, און דער גרונד־געדאַנק, וואָס ווערט אין איהר דורכגעפיהרט, איז דער פאָלגענדער:

ווי לאַנג דער שטאַאַט איז קריסטליך און די אידען זיינען אידיש קענען זיי ניט ערוואַרטען קיין בעפרייאונג. וואָרום אייגענטליך וועלכע פרייהייט פאָדערען די אידען? פאָדערען זיי רעליגיעזע פרייהייט? — דאָס איז דאָך אָבער אונמעגליך צו ערוואַרטען פון דעם קריסטליכען שטאַאַט. די אידישע רעליגיאָן איז דאָך טויט־פיינדליך צו דער קריסטליכער, טאָ ווי אזוי קען זי ערוואַרטען פון איהר פרייהייט? פערלאַנגען די אידען בירגערליכע פרייהייט? — דער דייטש אַליין האָט דאָך ניט קיין בירגערליכע פרייהייט. פאָדערען זיי פרייהייט אַלס מענשען? — ניט דער איד און ניט דער דייטש צו וועמען ער אַפּעלירט זיינען מענשען.

צווישען דעם איד און קריסט, זאָגט ברונאָ באַוער, עקזיסטירט א טיעפער געגענזאַץ. די אידען פערלאַנגען, אז די קריסטען זאָלען אויפגעבען זייערע פאָראורטיילע געגען אידען, אָבער אויב עס האַנדעלט זיך וועגען אויפגעבען פאָראורטיילע, טאָ וואָרום זאָלען די אידען ניט אויפגעבען זייערע פאָראורטיילע געגען קריסטענטום?

נאָר ווי קען דאָך געלעזט ווערען די אידען־פראַגע? — די איינציגע לעזונג פון דער אידען־פראַגע, לויט ברונא באַוער'ס מיינונג, קען קומען, ווען עס וועט אָבגעשאַפט ווערען דער געגענזאַץ צווישען איד און קריסט, און דאָס קען בלויז דאַן געשעהן, ווען עס וועט אָבגעשאַפט ווערען די רעליגיאָן.

די אָבשאַפונג פון רעליגיאָן איז דאָס ציעל פאַר וועלכען עס דאַרף געקעמפפט ווערען, און כדי דאָס דאָזיגע ציעל צו ערדייכען דאַרפען די אידען קעמפפען צוגלייך מיט די קריסטען. אָבער זיי דאַרפען קעמפפען בלויז אַלס מענשען און ניט אַלס אידען, וואָרום אַלס אידען קענען זיי זייער בעפרייאונג ניט קריגען. דערביי רעכנעט ברונאָ באַוער, אז אין דיעזען קאַמפף דאַרפען די אידען זיין

די ערשטע, וועלכע דארפען זיך אָבזאָגען פון זייער רעליגיאן, ווייל דאָס קריסטענטום איז שוין א שריט פארווערטס אין דער מענש־ליכער בעפרייאונג.

קארל מארקס איז ארויסגעטרעטען געגען דעם שטאנד־פונקט פון ברונאָ באוער. דער ערשטער און גרעסטער טייל פון מארקס'עס ארטיקעל איבער דער אידען־פראגע פערנעהמט זיך מיט דער קריטיק פון ברונאָ באוער'ס שטאנדפונקט. קארל מארקס צייגט מיט רעכט אָן, אז דער הויפּטפעהלער פון ברונא באוער'ס שטאנדפונקט בעשטעהט אין דעם, וואָס ביי איהם איז די אידען־פראגע בלויז א רעליגיעזע פראגע. דאָס איז אָבער דורכאויס פאלש. אויב די אידען־פראגע וואלט געווען בלויז א רעליגיעזע אדער א טעאָלאָגיש'ע, וואלט זי אין אלע לענדער גע־דארפט טראגען דעם זעלבען כאראקטער, אין אמעריקא פונקט אזוי ווי אין דייטשלאנד. אין דער ווירקליכקייט איז דאָך דאָס אָבער ניט אזוי. מיר זעהען, אז די לאגע פון די אידען איז בעסער אין די לענדער, וואו די רעליגיאן איז אָבגעטיילט פון דעם שטאאט. אָבער דערמיט וואס די רעליגיאָן איז אָבגעטיילט פון שטאאט, ווערט די רעליגיאן ניט אָבגעשאפט. דער בעסטער בעווייז איז אמעריקא. די רעליגיאן איז טאקי אָבגעטיילט פון שטאאט, אָבער די רעליגיאָן איז דאָך גענוג שטארק איינגעווארצעלט ביי דעם אמע־ריקאנער. דערמיט וואס דער שטאאט בעפרייט זיך פון דער רע־ליגיאן, בעפרייט זיך נאָך ניט דער מענש פון איהר. עס קען זיין א פרייער שטאאט, אָבער דער מענש אליין זאל דאָך ניט זיין פריי. אויף וויפיעל עס האנדעלט זיך, אלזא, וועגען רעליגיאן אין דער אידען־פראגע, דארף מען ניט געהן אזוי ווייט ווי ביז דער אָב־שאפונג פון רעליגיאן אין אלגעמיין, נאָר עס איז גענוג די אָבטיי־לונג פון דער קירך פון שטאאט.

קארל מארקס בעהויפּטעט דעריבער, אז די אידען־פראגע קען ניט בעטראכט ווערען בלויז אלס א רעליגיעזע, און זי קען דעריבער ניט געלעזט ווערען דורך די אָבשאפונג פון רעליגיאָן, פונקט ווי די אלגעמיין מענשליכע בעפרייאונג קען ניט געלעזט ווערען דורך די אָבשאפונג פון רעליגיאָן, ווי ברונאָ באוער גלויבט. עס איז אמת, זאגט קארל מארקס, אז די רעליגיאן פערהאלט דעם פּראָ־צעס פון דער מענשליכער בעפרייאונג, אָבער רעליגיאן איז ניט

קיין א ו ר ז א כ ע, נאָר אַן ע ר ש י י נ ו נ ג פון רעאַלע בע־ציהונגען, און אונטערגראָבענדיג דעם רעאַלען באָדען פון דער רעלי־גיאָן, וועט די רעליגיאָן שוין אַליין פערשווינדען.

ווען מען וויל דעריבער בעטראַכטען די אידען־פראַגע, זאָגט קאַרל מאַרקס, דאַרף מען בעטראַכטען דעם ו ו ע ל ט ל י כ ע ן אידען, ניט דעם שבת אידען. מען דאַרף ניט זוכען די געהיימ־ניס פון דעם אידען אין זיין רעליגיאָן, נאָר די געהיימנים פון דער אידישער רעליגיאַן אין דעם ווירקליכען אידען.

און דאָ שטעלט קאַרל מאַרקס די פראַגע: „וואָס איז דער וועלטליכער גרונד פון יודענטום"? און ער ענטפערט: דער וועלטליכער גרונד פון יודענטום איז „דאָס פראַקטישע בעדירפ־ניש, דער אייגעננוץ". און קאַרל מאַרקס געהט אזוי אָן ווייטער מיט פראַגען און ענטפערם:

„וואָס איז דער וועלטליכער קולט פון יודענטום?" — „דער שאַכער."

„וואס איז זיין וועלטליכער גאָט?" — „דאָס געלד".

און פאַרטיג ווערענדיג מיט די פראַגען און ענטפערס, געהט קאַרל מאַרקס איבער צו די פאָלגענדע קורצע און שאַרפע בעהויפ־טונגען:

— די עמאַנציפּאַציאָן (בעפרייאונג) פון שאַכער און געלד, דאָס הייסט, פון רעאַלען, פראַקטישען יודענטום, וואָלט זיין די זעלבסט־עמאַנציפּאַציאָן פון אונזער צייט.

— אַן אָרגאַניזאַציאָן פון דער געזעלשאַפט, וואס זאַל אונ־מעגליך מאַכען דעם שאַכער, וואָלט געמאַכט אונמעגליך די אידען.

— דאָס איצטיגע יודענטום איז אַן אַלגעמיינער אַנטי־סאָ־ציאַלער עלעמענט, וועלכער איז דורך דער געשיכטליכער ענטוויק־לונג געטריבען געוואָרען צו אַזא הויך, דאָס ער מוז זיך אויפלע־זען.

— די גרונדלאַגע פון דער אידישער רעליגיאָן איז עגאָאיזם, אייגעננוץ. עגאָאיזם איז דער פּרינציפּ פון דער בורזשואזער גע־זעלשאַפט.

—געלד איז דער אידישער גאָט. געלד האָט דערנידעריגט אַלע געטער פון די מענשען און זיי פערוואַנדעלט אין א סחורה.

דער אידישער גאָט (געלד) איז געווארען דער וועלט־גאָט. דער ווירקליכער אידישער גאָט איז דער וועקסעל.

די אידען האָבען זיך אזוי ווייט עמאנציפּירט, אז די קריסטען זיינען געווארען אידען. די געלד־מאכט איז געווארען א וועלט־מאכט און דער אידען־גייסט איז געווארען דער פּראקטישער גייסט פון די קריסטליכע פעלקער.

— דאָס קריסטענטום איז ארויסגעוואקסען פון יודענטום, נאָר עס האָט זיך אין איהם ווידער אויפגעלעזט. דער קריסט איז א מאָל געווען דער טעאָרעטישער איד, דער איד איז אָבער געווארען דער פּראקטישער קריסט, און דער קריסט איז דעריבער ווידער א איד געווארען.

און פון די אלע בעהויפּטונגען קומט קארל מארקס צו דעם פאלגענדען שלוס: די געזעלשאפטליכע עמאנציפּאציאָן פון די אידען איז די עמאנציפּאציאָן פון דער געזעלשאפט פון אידען, ווי ער דריקט זיך איין מאָל אויס, אדער די אידען עמאנציפּאציאָן אין איהר לעצטער בעדייטונג איז די עמאנציפּאציאָן פון דער מענש־הייט פון יודענטום, ווי ער דריקט זיך א צווייטען מאָל אויס.

אָט דאָס איז אין קורצען די מיינונג פון קארל מארקס וועגען דער אידען־פראגע און וועגען יודענטום — די אידישע בעפרייאונג ליגט אין דער בעפרייאונג פון דער מענשהייט פון יודענטום. דאס יודענטום מוז פערשווינדען, די געזעלשאפט מוז זיך פון איהם בעפרייען, ווייל דאָס יודענטום איז אן אנטי־סאָציאלער עלע־מענט.

עס איז ניט נויטיג צו מאכען קיין פּירושים אויף די „קאָמפּלימענטען", מיט וועלכע קארל מארקס בעשיט דאָס יודענטום, ווייל זיי זיינען גענוג קלאָר און פערשטענדליך אָהן פּירושים, מען קען אָבער גלייך זעהן, אז קארל מארקס, קריטיקירענדיג ברונא באוער, ווארום ער האָט די אידען־פראגע בעטראכט אלס א רעליגיעזע, אָדער טעאָלאָגישע פראגע, האָט געמאכט ניט קיין קלענערען פעה־לער, ווי ברונא באוער, בעטראכטענדיג די אידען־פראגע אלס א קלאסען־פראגע. אין אלע זיינע בעטראכטונגען און בעהויפּטונגען איז ביי קארל מארקס'ען דער בעגריף יודענטום דאָס זעלבע, וואס בורזשואזיע און קאפּיטאליזם. דאָס יודענטום איז ביי קארל

מאַרקס׳ען דער ענטוויקעלטער, קריסטאַליזירטער קאַפּיטאַליזם און דער ריינסטער אויסדרוק פון איהם.

קאַרל מאַרקס האָט פאַר זיינע אויגען געהאַט בלויז די אידען אין דייטשלאַנד, און די אידען אין דייטשלאַנד האָבען אין יענער צייט, אין פערגלייך מיט די קריסטען, מיט זיך ווירקליך פאַרגעשטעלט מעהר א קלאַס, ווי א נאַציאָן. דאָס קען נאָך געזאָגט ווערען אויך היינט אויף די אידען אין דייטשלאַנד. די אידישע בעפעלקערונג אין דייטשלאַנד אין דער צייט פון קאַרל מאַרקס איז, ווי עס איז שוין פריהער בעמערקט געוואָרען, בעשטאַנען כמעט אויסשליסליך פון דעם בורזשואַזען קלאַס. פאָרמעל האָט קאַרל מאַרקס געהאַט רעכט צו אידענטיפיצירען דאָס דייטשע יודענטום מיט קאַפּיטאַליזם. און אַזוי ווי אין פערגלייך מיט דעם קריסטליכען קאַפּיטאַליזם אין דייטשלאַנד איז דער אידישער געווען פיעל מעהר ענטוויקעלט, האָט קאַרל מאַרקס פאַר דעם קריסטאַליזירטען קאַפּיטאַליזם געברויכט דאָס וואָרט יודענטום. דער אויסדרוק בעפרייאונג פון יודענטום איז ביי קאַרל מאַרקס דאָס זעלבע וואָס בעפרייאונג פון קאַפּיטאַליזם.

דער אונטערשיעד צווישען ברונא באַוער און קאַרל מאַרקס אין דער בעטראַכטונג פון דער אידען־פראַגע בעשטעהט, אַלזאָ, אין דעם, וואָס ביי דעם ערשטען איז עס א נאַציאָנאַל־רעליגיעזע פראַגע און ביי דעם צווייטען א סאָציאַל־נאַציאָנאַלע. און וועןקאַרל מאַרקס איז פאָלשטענדיג גערעכט אין זיין קריטיק, אז דער שטאַנדפּונקט פון ברונא באַוער איז א פאַלשער, איז אָבער דער שטאַנדפּונקט פון קאַרל מאַרקס וועגען דער אידען־פראַגע נאָך א פאַלשערער.

עס ווערט אָנגעוויזען פון פערשיעדענע קריטיקער פון קאַרל מאַרקס, אז אין דער צייט, ווען ער האָט געשריבען זיין אַרטיקעל וועגען דער אידען־פראַגע איז ער נאָך אליין ניט געווען קיין אמת׳ער מאַרקסיסט, ער האָט נאָך ניט געהאַט פאָלשטענדיג אויסגעאַרבייט זיין היסטאָריש מאַטעריאַליסטישע וועלט־אַנשויאונג. און וואָס איז שייך צום יודענטום איז ער געשטאַנען אונטער דער ווירקונג פון דעם פילאָזאָף פייערבאַך, ווייל אין זיין אַרטיקעל וועגען דער אידען־פראַגע דריקט ער אויס וועגען יודענטום דיזעלבע געדאַנקען, וואָס פייערבאַך, וועלכער האָט געזאָגט, אז דאָס יודענטום איז

דאָס וועלטליכע פון קריסטענטום, וועהרענד קריסטענטום איז דאָס גייסטיגע פון יודענטום, ווייל די גרונד־לאַגע פון יודענטום איז עגאָאיזם און אייגעננוץ.

בעטראַכטען דאָס אידישע פאָלק אַלס קלאַס איז מאַרקסיסטיש פונקט אַזוי פאַלש און נאָך פאַלשער ווי בעטראַכטען די אידען־פראַגע בלויז פון א רעליגיעז טעאָלאָגישען שטאַנדפונקט, ווי ברונא באַוער האָט עס געטהאָן.

עס איז ריכטיג, ווי עס איז שוין פריהער בעמערקט געווארען, אַז אין בעצוג צו די אידען אין דייטשלאַנד, ווי אויך אין יענער צייט אין פראַנקרייך, האָט מען ווירקליך געקענט פערבייטען דעם בעגריף פון נאַציאָן אויף קלאַס, ווייל כמעט די גאַנצע אידישע בעפעלקערונג אין דייטשלאַנד, ווי אויך אין פראַנקרייך האָט געהערט צו דעם קאַפּיטאַליסטישען קלאַס, אָבער קאַרל מאַרקס רעדט אין זיין ארטיקעל ניט בלויז וועגען דעם יודענטום אין דייטשלאַנד און פראַנקרייך, נאָר וועגען דעם יודענטום אין אַלגעמיין. ער זאגט דאָך גלייך אין אָנפאַנג פון זיין ארטיקעל, אַז אין יעדען לאַנד האָט די אידען־פראַגע אַן אנדער כאַראַקטער. און ווען ער האָט זיך שוין יא גענומען צו דער אידען־פראַגע האָט ער ניט געדאַרפט ציהען זיינע שליסע פון די עטליכע הונדערט טויזענד אידען אין דייטשלאַנד און אין פראַנקרייך, נאָר ער האָט געדאַרפט שטודירען די צושטענדע פון די מיליאָנען אידען אין רוסלאַנד, פוילען און עסטרייך. און וואלט ער זיך גענומען די מיה אַזאַ שטודיום צו מאַכען, וואלט ער געקומען צו גאַנץ אַנדערע רעזולטאַטען. אַלענפאַלס וואלט ער ניט געקומען צום שלוס, אַז דאָס יודענטום שטעלט מיט זיך פאַר א סאָציאַלען קלאַס, אַז יודענטום און קאַפּיטאַליזם איז איינס און דאָס זעלבע.

קאַרל קאַוטסקי, איינער פון די טרייעסטע נאָכפאָלגער פון קאַרל מאַרקס, וועלכער האָט זיך געגעבען מעהר מיה ווי קאַרל מאַרקס צו שטודירען די אידען־פראַגע, איז געקומען צו פונקט אַ געגענזעצליכען שלוס וועגען יודענטום, ווי קאַרל מאַרקס. אין דעם אַרטיקעל וועגען דער אידען־פראַגע, וואָס קאַרל קאַוטסקי האָט געשריבען אין דעם יאָהר 1872, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס אין יענער צייט האָט נאָך ניט עקזיסטירט צווישען די אידען אין רוסלאַנד און אין גאַליציען קיין רעוואָלוציאָנערע מאַסען־בעוועגונג,

איז ער דאָך געקומען צום שלום, אַז מען דאַרף דאָס אידישע פאָלק גיכער פערדעבענען אלם אזוי־נס, וואָס שטעהט נעהנטער צום פּראָ־לעטאַריאַט איידער צו דער בורזשואזיע, אלס א פאָלק, וואָס העלפט גיכער די רעוואָלוציע איידער די רעאַקציע. קאַרל קאוט־סקי האָט בעסער פערשטאַנען ווי קאַרל מאַרקס די ענטוויקלונג פון אידישען פאָלק. ער האָט אין איהם געזעהן ניט קיין איין קלאַס, נאָר קלאַסען און ער האָט אויך פאָראויסגעזעהן, אַז די דיי־פערענצירונג פון די קלאַסען אין אידיישען פאָלק וועט פיהרען דער־צו, אַז די גרויסע מעהרהייט פון אידיישען פאָלק וועט זיין נעהנטער צום פּראָלעטאַריאַט ווי צו דער בורזשואזיע. קאַרל קאוטסקי האָט אויך בעסער פערשטאַנען דעם גייסט, וואָס האָט זיך אויסגעאַר־ביים ביים אידישען פאָלק. ער האָט געזעהן, אַז דער אידי־שער גייסט איז א רעוואָלוציאָנערער און אַז ער מוז אַזעלכער זיין צוליעב די אונטערדריקונגען און פערפאָלגונגען, וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט אויסצושטעהן.

עס איז אמת, אַז צווישען דער צייט, וואָס קאַרל מאַרקס האָט געשריבען זיין אַרטיקעל און קאַרל קאוטסקי זיינעם, זיינען פער־לאָפען אַן ערך 28 יאָהר און אין דעם משך זיינען פאָרגעקומען גרויסע ענדערונגען אין דעם לעבען פון אידישען פאָלק, אָבער ווען קאַרל מאַרקס וואָלט ניט געווען אזוי שטאַרק בעאיינפלוסט פון פייערבאך׳ס טעאָריע, אַז די גרונדלאַגע פון יודענטום איז עגאָ־איזם און אייגעננוץ, וואָלט ער זאָגאַר אין זיין צייט געקענט בע־מערקען, אפילו צווישען די דייטשע אידען, א שטאַרק ענטוויקעל־טען רעוואָלוציאָנערען גייסט.

זיינען עס דאָך געווען די אידען לודוויג בערנע, היינריך היי־נע, פערדינאַנד לאַסאַל, מאָזעס העס, יאַקאָבי און פיעלע, פיע־לע אַנדערע, וועלכע האָבען אין זעהר א גרויסער מאָס געהאָלפען רעוואָלוציאָנירען די מוחות פון דעם דייטשען פאָלק. זיינען דאָך אין דער צייט, ווען קאַרל מאַרקס האָט זיין אַרטיקעל געשריבען, געווען צווישען די אידען אין דייטשלאַנד, לויט דער פּראָפּאָרציע פון דער אידישער בעפעלקערונג, א גרעסערע צאָהל רעוואָלוציאָנע־רען ווי צווישען די דייטשען.

און קאַרל מאַרקס האָט אין די שפעטערע טעג פון זיין לע־בען געקענט זעהן, אַז צווישען די אַפּאָסטאָלען פון זיין רעוואָלו־

ציאָנערע סאָציאַליסטישע לעהרע אין דייטשלאַנד, ווי אין אַלע אַנדערע לענדער, האָבען אידען פערנומען דעם ערשטען פּלאַץ. מאָזעס העס, עדואַרד בערנשטיין, פּאול זינגער זיינען געווען נעמען, וועלכע קאַרל מאַרקס האָט נאָך געקענט. און ווען קאַרל מאַרקס וואָלט געלעבט ביז דער איצטיגער צייט, וואָלט ער געזעהן, אז די פערטרעטער פון דעם אונקאָמפּראָמיסליכען מאַרקסיסטישען סאָציאַליזם אין דייטשלאַנד זיינען דוקא אידען. האאַזע, קאָהן, שטאַדטהאַגען, בערנשטיין, ליסענבורג — אַלע אידען — זיינען די פיהרער פון דער נייער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין דייטשלאַנד, וועלכע האָט זיך אָבגעשפּאָלטען פון דער אַלטער פּאַרטיי, וואו שיידעמאַן, דאַוויד און עבערט — אַלע עכטע דייטשען — זיינען די פיהרער.

נאָר קאַרל מאַרקס האָט פאַר זיין לעבען נאָך צייט געהאַט צו הערען, אז זיין רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטישע לעהרע איז א אידישע, אז זי שטאַמט פון יודענטום און אז בלויז דער איד קאַרל מאַרקס האָט געקענט אויפבויען אזא טעאָריע, וואס איז בעגרינדעט בלויז אויף עקאָנאָמישע און מאַטעריאַליסטישע יסודות.

די געגנער פון קאַרל מאַרקס האָבען געגען זיין היסטאָריש מאַטעריאַליסטישען סאָציאַליזם בענוצט דיזעלביגע ארגומענטען, וואס ער האָט בענוצט געגען יודענטום, זיי האָבען מיט איהם געטהאָן דאָס זעלבע וואס ער האָט געטהאָן מיט העגעל׳ס דיאַלעקטיק, זיי האָבען זיינע ארגומענטען געגען יודענטום איבערגעקעהרט מיט׳ן קאָפּ אראָפּ. די געגנער פון קאַרל מאַרקס האָבען זיין היסטאָרישען מאַטעריאַליזם ערקלערט מיט דעם מאַטעריאַליזם פון יודענטום און זיי האָבען זיין טעאָריע פערבונדען מיט זיין אידישער אָבשטאַמונג.

אנדערע געגנער פון קאַרל מאַרקס זיינען געגאַנגען נאָך ווייטער. זיי האָבען געזוכט צו ערקלעהרען דעם רעוואָלוציאָנערען מאַרקסיזם מיט דעם צושטערענדען גייסט פון דעם פאָלק, פון וועלכען דער בעגרינדער פון דיעזער לעהרע שטאַמט אַרויס. בלויז א זוהן פון דעם אידישען פאָלק, וואס איז אן „אַנטי־סאָציאַלער עלעמענט", האָט געקענט בעשאַפען אזא אַנטי סאָציאַלע טעאָריע, בלויז א קינד פון דעם פאָלק וואס בעזיצט א צושטערענדען גייסט, האָט געקענט שאַפען אַזאַ סאָציאַל צושטערענדע טעאָריע.

און ניט בלויז געגנער, נאָר אויך פריינד פון קארל מארקס האָבען ייינע לעהרען פראַבירט פערבינדען מיט זיין אידישער אָב־שטאמונג, מיט דעם יודענטום, וואס ער האָט גע'ירש'ענט פון זיי־נע עלטערן און אור־עלטערן. די לעהרען פון סאָציאלער גלייכ־הייט און סאָציאלער גערעכטיגקייט פון די אידישע נביאים, די גערעכטיגקייט אויף דער מ א ט ע ר י ע ל ע ר וועלט, אין וועל־כער מיר לעבען, ניט אָבלעגענדיג איהר אויף א מיסטעריעזער וועלט נאָכ'ן טויט, זיינען איבערגעגאנגען אין דעם אידישען פאלק פון דור צו דור ביז זיי האָבען געקראָגען זייער אויסדרוק אין דעם מאָדערנעם, היסטאָריש־מאַטעריאליסטיש בעגרינדעטען סאָציא־ליזם, וועלכער איז פאָרמולירט און בעגרינדעט געווארען פון אידען.

די עקאָנאָמישע לעהרען פון דעם איד ריקארדאָ אין ענגלאנד, די סאָציאליסטישע לעהרען פון דעם איד פערדינאנד לאסאל און דער היסטאָריש מאַטעריאליסטישער סאָציאליזם פון דעם איד קארל מארקס האָבען געשאַפען דעם מאָדערנעם סאָציאַליזם, די לעהרע פון סאָציאַלער גלייכהייט און סאָציאלער גערעכטיגקייט, אויף וועלכע די נייע מענשליכע געזעלשאַפט דאַרף זיין געגרינ־דעט.

דער פערשטארבענער פראפעסאר הילטי, פון בערנער אוני־ווערזיטעט, האָט זיך א מאָל אויסגעדריקט וועגען דעם בוך „קאַ־פיטאל" פון קארל מארקס דאָס פאָלגענדע: „קאפיטאל" פון מארקס איז א לאנגע צייט געוועזן די ביבעל פון סאציאל־עקאָ־נאָמישער לעהרע. אלע קריטיקען, וועלכע זיינען געשריבען גע־ווארען איבער „קאפיטאל" האָבען ניט געהאט קיין וויסענשאפטלי־כען ווערטה. דער איינציגער, וואָס האָט אָנגעשריבען א וויסענ־שאפטליכע קריטיק איבער „קאפיטאל", וועלכע דאַרף גענומען ווע־רען ערנסט, איז עדוארד בערנשטיין. עס האָט געמוזט קומען א איד וואס זאל קענען אָנשרייבען אווירקליכע קריטיק אויף דעם געניאלען ווערק פון אן אנדער אידען.

פראנץ מעהרינג האָט פראָבירט פארשטעלען קארל מארקס אלס איינעם, וואס האט זיך פאָלשטענדיג בעפרייט פון יודענטום, די וועלט אָבער האָט פראנץ מעהרינגס מיינונג ניט אָנגע־נומען. די וועלט האָט ניט בעפרייט מארקס'ען פון יודענטום, ניט זיינע געגנער און ניט זיינע פערעהרער ווילען איהם בעפרייען פון

יורענטום. סאי זיינע גענגער, סאי זיינע פערעהרער זוכען אין זיינע לעהרען דאס יורענטום. וואס קארל מארקס האט גע׳ירש׳עט, און פון וועלכען ער האט זיך ניט געקענט בעפרייען.

מאנכע ווילע זאגאר ערקלערען די שארפע מעטאדע פון אנאליטישער קריטיק, וועלכע קארל מארקס האט געברויכט, זיין הריפות, זיין פלפול גייסט און זיין ליעבע צום שפיעל־ווארט, וואס ער האט אזוי גלענצענד בענוצט, מיט זיין אידישער אבשטאמונג. מען וויל ערקלערען, אז די אלע אויסגערעכענטע אייגענשאפטען האט קארל מארקס בעקומען בירושה פון זיינע זיידעס און עלטער־זיידעס, פון דער פאמיליע רבנים און גאונים, פון וועלכע ער שטאמט ארויס.

עס איז אווירקליכע איראניע פון דעם שיקזאל, אז דאס יורענטום, געגען וועלכען קארל מארקס איז אזוי שארף ארויסגעטרעטען, איז שפעטער אזוי ענג פערבונדען געווארען מיט זיין לעהרע.

נאר ניט אין זיינע בעציהונגען צו אידען אליין האט קארל מארקס געמאכט אזא גרויסען פעהלער, ער האט פונקט דעמזעלביגען פעהלער געמאכט אין זיינע בעציהונגען צו די סלאוויאנישע פעלקער, ווי עס בעמערקט גאנץ ריכטיג ה׳ בערלין אין זיינעם אן ארטיקעל אין „יעווריסקי מיר" פון יאהר 1909.

אן ערך אין דערזעלביגער צייט, נאהענט צו דער רעוואלוציע פון דעם 48טען יאהר, ווען ער האט בעצייכענט די אידען אלס אן אנטי־סאציאלען עלעמענט, פון וועלכען די מענשליכע געזעלשאפט דארף זיך בעפרייען, האט ער אונגעפעהר געשריבען דאס זעלבע וועגען די סלאוויאנישע פעלקער אין עסטרייך. ער האט בעצייכענט די סלאווען אין עסטרייך אלס די שטיצע פון רעאקציע, ווייל די סלאווען זיינען א פויערים־קלאס, וועלכע לעבען נאך אין א פאטריארכאלישען צושטאנד און זיי מוזען דעריבער זיין רעאקציאנער און קאנטער־רעוואלוציאנער.

נאך פיעל שארפער איז קארל מארקס ארויסגעטרעטען געגען די סלאווען, ווען עס האט זיך נאך דעם 48טען יאהר אנגעפאנגען די קאנטער־רעוואלוציע אין עסטרייך. אין איינעם פון זיינע אנטי־סלאוויאנישע ארטיקלען דריקט ער זיך אויס, אז די קומענדע וועלט־מלחמה וועט אבווישען פון דער ערד אזעלכע רע־

אקציאנערע פעלקער, ווי די סלאווען און דער מענשליכער פראגרעס וועט מעהר קיין שטערונג נימ האָבען אין זיין וועג.

קארל מארקס האָט מיט די סלאווען געמאכט פונקט דעמ־זעלביגען פעהלער ווי מיט די אידען. ער האָט די סלאווען בע־טראכט ניט אלס פאָלק, נאָר אלס א קלאַס. די אידען האָט ער בעטראכט אלס א בורזשואזען קלאס און די סלאווען אלס פויערים קלאַס. ווען קארל מארקס וואָלט אין דער צייט, ווען ער האָט געשריבען זיינע ארטיקלען וועגען אידען און וועגען די סלאווען גע־ווען דער פולער מארקסיסט, אין וועלכען ער האָט זיך שפּעטער ענטוויקעלט, וואלט ער אזא פעהלער ניט געקענט מאכען. זיין אייגענע מארקסיסטישע לעהרע וואָלט איהם אונטערגעזאָגט, אז מיט דער צייט וועט אויך ביי די סלאווען אויסוואקסען א פּראָ־לעטאריאט און אז די רעאקציאנערע סלאווען וועלען זיך פער־וואנדלען אין רעוואָלוציאָנערען, ווי דאָס האָט אויך פּאסירט.

קארל מארקס האָט ניט דערלעבט די צייט צו זעהן, ווי סאי די אידען און סאַי די סלאווען, וועלכע ער האָט בעצייכענט אלס אנטי־סאָציאַלע עלעמענטען, פון וועלכע די געזעלשאפט דארף זיך בעפרייען, זיינען גאָר היינט די רעוואָלוציאָנערסטע עלעמענ־טען אין דער וועלט. דאָס רעוואלוציאנערסטע פאלק אין עסטרייך איז היינט א סלאווישע, דאָס טשעכישע פאָלק, און די גרעסטע רעוואָלוציע אין דער וועלט האָט געמאכט א סלאוויש פאָלק, די רוסען, און דער זויער־טייג פון דער רוסישער רעוואלוציע איז גע־ווען דאָס אידישע פאָלק.

נאָר ניט קוקענדיג אויף דעם פעהלער, וואס קארל מארקס האָט געמאכט אין זיינע בעציהונגען צו אידען און צו די סלאווי־שע פעלקער, וועט עס דאָך זיין פאלש צו בעהויפּטען, אז מארקס איז געווען אן אַנטיסעמיט פונקט ווי עס וועט זיין פאלש צו בע־הויפטען, אז ער איז געווען אן אנטי־סלאוויאנער.

קארל מארקס האָט פיינט געהאט ניט די אידען נאָר דעם בורזשואזען קלאָס, וועלכען ער האָט אידענטיפיצירט מיט'ן יו־דענטום, און ער האָט פיינט געהאט ניט די סלאווישע פעלקער, נאָר דעם דאמאלסדיגען פויערים־קלאָס, וועלכער איז געווען רע־אקציאנער און קאָנטער־רעוואָלוציאנער.

פאר דעם אנטיסעמיט איז קיין אונטערשיעד ניט פון וועל־

כע קלאסען דאָס אידישע פאָלק בעשטעהט. ער האָט פיינט דעם אידישען ארבייטער, דעם אידישען פראָלעטאַריאַט, די אידישע פאָלקס־מאַסען פונקט ווי די אידישע בורזשואזיע. די געגנער־שאפט פון קארל מארקס צום יודענטום האָט זיך אָבער בלויז בע־גרענעצט אויף דעם. וואס ער האָט בעטראַכט די אידען אלס א קלאַס פון בורזשואזיע. ער האָט ניט געהאסט דעם אידען אין דעם בורזשוא, נאָר דעם בורזשוא אין דעם אידען. און גראָד איז עס אזוי געווען, דאָס אין יענער צייט, ווען קארל מארקס האָט זיין ארטיקעל געשריבען, האָט מען דעם פאָלשטענדיג קריסטאַליזירטען בורזשוא אין דייטשלאַנד געפונען אין דעם אידען.

קארל מארקס האָט אין אלגעמיין זיך ניט פיעל אָבגעגעבען מיט דער נאַציאָנאַלער פראגע, און ווען ער האָט פערבייגעהענדיג איהר דערמאָהנט, האָט ער זי ניט בעהאנדעלט אין דעם זין, ווי מיר פער־שטעהען זי היינט. ווען קארל מארקס רעדט וועגען נאַציאָן מיינט ער דעם שטאַאט, ניט די נאַציאָנאַליטעט. די איינהייט, דאָס גאַנצע איז דער שטאַאט. די סלאַוויאנישע פעלקער אין עסטרייך, אלס בעזונדערע נאַציאָנאַליטעטען מיט בעזונדערע שטרעבונגען און נאַ־ציאָנאַלע אויפגאַבען, האָבען ניט קיין אינטערעסע פאַר קארל מארקס, זיי אינטערעסירען איהם בלויז אלס טיילען פון דעם עסטרייכישען שטאַאט און אויף וויפיעל זיי העלפען דעם פראָגרעס פון שטאַאט אָדער שטערען איהם. דאָס זעלבע איז ביי איהם אויך דאָס אידישע פאָלק. די עקזיסטענץ פון אידישען פאָלק אלס א בעזונדערע נאַציאָנאַליטעט, מיט אַן אייגענאַרטיגער קולטור און מיט אַן אייגענער היסטאָרישער ענטוויקלונג, נעהמט ער אין גאַנ־צען ניט אין אַנבעטראַכט. די אידען אינטערעסירען איהם אויף אזוי פיעל, אויף ווי פיעל זיי זיינען א טייל פון דעם דייטשען שטאַאט און די ראָלע וואס זיי שפּיעלען אין דעם לעבען און אין דער ענטוויקלונג פון דעם דייטשען שטאַאט.

די נאַציאָנאַלע פראגע ווי מיר פערשטעהען זי היינט, די

טיילונג צווישען נאַציאָנאַליטעט און שטאַאַט, איז פערהעלטניסמעסיג א גאַנץ נייע אויפפאַסונג פון די לעצטע פאָר צעהנדליג יאָהר. אין דער צייט ווען קאַרל מאַרקס האָט געשריבען זיינע אַרטיקלען וועגען די סלאַווישע פעלקער און וועגען די אידען האָט מען וועגעז דער איצטיגער אויפפאַסונג פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע וועניג געוואוסט. אין ליבעראַלע און אין סאָציאַליסטישע קרייזען איז די קאָסמאָפאָליטישע אידעע דאַן געווען די הערשענדע. די אַסימילירונג און די פערשמעלצונג פון נאַציאָנען, בעזאָנדערס פון די קליינע און ניט זעלבסטשטענדיגע נאַציאָנען, איז געווען אַן אָנגענומענע וואַרהייט. דער קאַמפף פאַר נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ פון די קליינע און ניט זעלבסטשטענדיגע נאַציאָנען האָט זיך דאַן וועניג געפיהלט אַפילו אין עסטרייך, וואָס איז היינט דער כאַראַקטעריסטישער נאַציאָנאַליטעטען שטאַאַט, און פון וואַנען אַלע מאָדערנע טעאָריען וועגען דער נאַציאָנאַלער פראַגע שטאַמען ארויס. בעטראַכטען די אידען־פראַגע פון דעם איצטיגען מאָדערנעם נאַציאָנאַלען שטאַנדפונקט איז דאַן געווים געווען אונמעגליך. עס האָט דאַן איבערהויפט ניט עקזיסטירט קיין נאַציאָנאַלע בעוועגונג צווישען אידען אין קיין לאַנד און צווישען די דייטשע אידען וואַלט דאַן די נאַציאָנאַלע אידעע, ווי מיר פערשטעהען זי היינט, געווען מעהר ווי אונבעגרייפליך.

און ווי גרויס קאַרל מאַרקס איז ניט געווען, האָט ער אויך נור געקענט צוטרעטען צו דער אידען פראַגע אין די ראַהמען פון די בעגריפען, וועלכע האָבען עקזיסטירט אין זיין צייט. ער האָט אָבער געמאַכט דעם פעהלער, וואָס ער האָט די אידישע נאַציאָן פאָרגעשטעלט אַלס אַן איינהייטליכען עקאָנאָמישען און סאָציאַלען קלאַס, וועלכער האָט דערגרייכט די העכסטע שטופע פון שעדליכקייט פאַר דער געזעלשאַפט און ער מוז דעריבער אויפגעלעזט ווערען. ווען קאַרל מאַרקס וואַלט בעטראַכט די אידישע נאַציאָן אין איהר היסטאָרישער ענטוויקלונג, ווען ער וואָלט צו דער אידען־

פראגע אנגעווענדעט זיין דיאלעקטישע מעטאָדע, וועלכע ער האָט שפּעטער אזוי טיעפזיניג און ברייט ענטוויקעלט, ווען ער וואלט זיך געהאלטען אויך אין דער אידען־פראגע פאר דעם כלל, אז אלעס פליסט, אלעס כדערט זיך, וואָלט ער געקומען צו א גאנץ אנדערען שלום וועגען די אידען, ווי אין זיין ארטיקעל, וועלכען ער האָט אָנגעשריבען אין יאָהר 1844.

פון צוויי זייטען ווערט בעהויפטעט, אז די לעהרע פון קארל מארקס איז א געגנערין פון די טרייד יוניאנס, — ווען זיי, די יו־ניאָנס, זיינען נאָך ניט דערגאַנגען צו די סאָציאַליסטישע פאָדערונ־גען — ווען זיי קעמפּפען נאָך דערווייל ב ל ו י ז פאר א קליינע פערבעסערונג פון דער לאגע פון די ארבייטער אין דער קאפּיטא־ליסטישער אָרדנונג, פאר מעהר לוין און ווייניגער ארבייטס־שטונ־דען: פון איין זייט שרייען די קאָנסערוואטיווע טרייד יוניאָניסטען, אז די מארקסיסטען זיינען געגנער צו דער יוניאן־בעוועגונג און אז אזוי האָט זיי געלערענט זייער רבי קארל מארקס. פון דער אנ־דערער זייט בעהויפּטען דאָס זעלבע די „איבער־רעוואָלוציאָנערען", וועלכע רעדען זיך איין, אז זיי זיינען די איינציגע „ריכטיגע מארק־סיסטען"; כאָטש זיי פערשטעהען זעהר ווייניג פון מארקס'עס לעהרע, און וויפיעל זיי האָבען געהערט פון איהר פערשטעהען זיי זי פונקט קאפויר.

רעדענדיג וועגען אזעלכע „מארקסיסטען", האָט מארקס אליין אמאָל געזאגט: „גאָט זיי דאַנק, איך בין ניט קיין מארקסיסט!"

דארום איז עס היינט, ביי דעם הונדערטסטען געבורטס־טאג פון קארל מארקס, בעזונדערס נויטווענדיג קלאָר צו מאכען זיין אמת'ן שטאנדפונקט אין דיעזער פראגע.

* * *

דער רעכטער עיקר פון דער לעהרע פון קארל מארקס איז דער געדאנק, אז די „סאציאלע רעוואלוציאן" איז אונמעגליך, וואו דער מאָדערנער ארבייטער קלאַס, דאָס פּראָלעטאריאט פון די היינטיגע פאבריקען, מינעס, אייזענבאהנען, איז ניט געווארען די אָ ר ג א נ י ז י ר ט ע איבער־מאכט אין דער געזעלשאפט; און אז דיעזער קלאס ווערט די אָרגאניזירטע איבערמאכט אין דער געזעלשאפט, מעהר ווי אלעס, ד ו ר ך די ט ר י י ד י ו ־ נ י אָ נ ס. ניט דוקא ווען די טרייד יוניאנס זיינען זיך שוין בעוואוסט, אז זייער צוועק איז די סאציאלע רעוואלוציאן, נאָר אפילו ווען זיי ווייסען נאָך ניט פון קיין אנדער אויפגאבע פאר זיך ווי „עטליכע סענט מעהר לוין און עטליכע שטונדען ווייניגער אר־בייט". אפילו בלויז דיעזער קאמפף ענטוויקעלט זיי אלס אָן גָרגאניזירטע פּראָלעטארישע קלאסען־מאכט. און נאָר דארום — ווייל אין אלע לענדער וואו דער קאפּיטאליזם ענטוויקעלט זיך, ענט־

שטעהען אויף טרייד יוניאָנס מיט סטרייקס און באָיקאָטס, און עס אַנטוויקעלט זיך אַן אָרגאַניזירטע פּראָלעטאַרישע קלאַסען־מאַכט — נאָר דאַרום, זאָגט די לעהרע פון קאַרל מאַרקס, איז די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציאָן אַ זיכערער סוף פון דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג.

פון דעם אַליין איז שוין גענוג צו זעהן, ווי „קאַפּויר" דאָס איז צו בעהויפּטען, אַז קאַרל מאַרקס און זיין לעהרע זיינען „געגנער פון די טרייד יוניאָנס"!

* * *

אויף וואָס קוקענדיג אָבער ווערט אַזוי בעהויפּטעט?

אויף צוויי זאַכען: אויף „ראיות" פון קאַרל מאַרקס'עס „פּסוקים" און אויף די „לאָגיק" פון זיין אַלגעמיינע לעהרע.

„ראיות" פון זיינע „פּסוקים" ברייננט מען זעהר ווייניג. די וועלכע בעהויפּטען, אַז מאַרקס איז אַ געגנער פון די יוניאָנס, זיינען סתם ניט שטאַרק בעהאַוועגט אין די פּסוקים... און ווען זיי וואָלטען עס געוועזן, וואָלטען זיי ניט געפונען קיין סך פּסוקים וואָס זאָלען אויסדריקליך בעשטעטיגען זייער בעהויפּטונג. אין גאַנצען ברייננען זיי צוויי ראיות פון „פּסוקים":

איינער איז פון דעם וואָס קאַרל מאַרקס בעמיהט זיך אַזוי שטאַרק „אויפצואווייזען, אַז די לאַגע פון די אַרבייטער „מוז אימער ערגער ווערען", אין דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג, און אַז דאָס מוז פיהרען צו דער פערניכטונג פון קאַפּיטאַליזם. בכן, „טאָרען" דאָך קיין סאָציאַליסטען ניט שטיצען די טרייד יוניאָנס, וועלכע ווילען גאָר פ ע ר ב ע ס ע ר ע ן די אַרבייטערס לאַגע. זיי וואָלטען דאָך דערמיט „אָבגעהאַלטען די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן".

און אַ צווייטער בעווייז איז פון אַ פּסוק, וואו קאַרל מאַרקס אַליין זאָגט טאַקי בפירוש, אַז די „סאָציאַליסטען" זיינען געגען די יוניאָנס, ווייל זיי ווילען זיך ניט אָבגעבען מיט אַזעלכע קליינינקייטען, וועלכע שאַפען ניט אָב די אַרבייטער'ס שקלאַפעריי צו קאַפּיטאַל אין גאַנצען.

דאָס זיינען די צוויי ראיות פון „פּסוקים".

און די אַלגעמיינע לאָגיק פון מאַרקס'עס לעהרע קומט ביי זיי אויס אַזוי: מאַרקס לערנט, אַז די געזעלשאַפט פון פּריוואַט־

אייגענטהום מוז אבגעשאפט ווערען. אום אז די ארבייטער זאלען קענען אגיטירט ווערען צו קעמפפען פאר דעם, איז נויטיג, אז זיי זאלען פערלירען יעדע האפנונג צו קענען פערבעסערען זייער לאגע אזוי לאנג ווי די קאפיטאליסטישע ארדנונג עקזיסטירט. קומען אבער די טרייד יוניאנס און זאגען צו די ארבייטער גילדערנע בערג, ווען זיי וועלען זיך ארגאניזירען און קעמפפען פאר פער־בעסערונגען אינערהאלב דער קאפיטאליסטישער ארדנונג.

דא קומען די טרייד יוניאנס אין דירעקטען צוזאמענשטויס מיט דער סאציאליסטישער לעהרע. אויב די ארבייטער קענען זיך מאכען זייער לאגע אזוי פיעל בעסער, אפילו אין דער קאפי־טאליסטישער ארדנונג, צו וואס טויג זיי סאציאליזם?

דיעזע אויפהעצערם פון א שנאה צווישען דעם טרייד יוניא־ניזם און מארקסיזם רעדען זיך נעמליך איין, אז מארקס'עס לעהרע איז, דאס „וואס ערגער איז בעסער". זאלען די ארבייטער האבען פון קאפיטאליזם וואס ערגערע צרות, וועלען זיי קומען צום שכל און ווערען סאציאלע רעוואלוציאנערען.

אויף דיעזע אלע בעהויפטונגען וועל איך יעצט ענטפערען, פונקט פאר פונקט.

* * *

אט איז וואס קארל מארקס זאגט אין אמת'ן, אין זיין סך הכל, וואס ער מאכט פון זיינע פארשונגען, צום סוף פון זיין בוך „דאס קאפיטאל".

ער צייגט, אז דורך דער ענטוויקלונג פון דער גרויס־קאפיטא־ליסטישער ארט ארבייט און געזעצען „וואקסט די מאסע פון עלענד, פון דעם דרוק, פון דער קנעכטשאפט, פון פערדארבענהייט, פון דער אויסבויטונג, — אבער עס וואקסט אויך דער ווידערשטאנד פון דער ארבייטער קלאסע, וועלכע ווערט אלץ גרעסער אין צאהל און אלץ מעהר געשולט, פעראייניגט און ארגא־ניזירט דורך דעם מעכאניזם פון דעם קאפיטאליסטישען פראדוקציאנס־פרא־צעס זעלבסט". (24סטעס קאפיטעל, צו ענדע.)

אין דיעזען סך הכל, וואס מארקס אליין מאכט פון זיין לעה־רע, קען דער אויפמערקזאמער לעזער זעהן קלאר און דייטליך,

אז דער גרויסער סאציאַליסטישער דענקער זאגט דאָ פונקט קאַ־פויר פון דעם, וואס יענע הכמים ווילען פון זיינע ווערטער ארויס־נעהמען. ער לייגט ניט זיינע סאציאַליסטישע האָפנונגען אויף דעם וואס די ארבייטער'ס לאגע ווערט אלץ ערגער אין דער ווירק־ליכקייט. ער צייגט בלויז, אז עס איז די נאטור פון דער קאפּי־טאַליסטישער ענטוויקלונג צו ברייגגען א שטענדיגע פערשלעכטע־רונג פון די ארבייטער'ס לאגע, ווען די ארבייטער זאָלען דאָס דערלאָזען. אבער די האָפנונג פון דער וועלט ליגט אין דעם, וואס די ארבייטער דערלאָזען דאָס ניט; וואס „עס וואקסט זייער ווידערשטאַנד" געגען דעם און זיי ווערען אלץ מעהר „געשולט, פעראייניגט און ארגאַניזירט".

די גאַנצע האָפנונג לייגט אַלזאָ מאַרקס, ניט אויף דער וואקסענ־דער פערשלעכטערונג און ערנידעריגונג אין די ארבייטער'ס לאַגע, נאָר פערקעהרט, אויף זייער וואַקסענדען ווידערשטאנד געגען דעם; אויף זייער וואַקסענדער איינינגקייט און אָרגאַניזאַציאָן אין קאמפּף פאַר פערבעסערונג אין זייער לאַגע.

* * *

און גאר דייטליך וועגען די טרייד יוניאָנס רעדט מאַרקס טאקי אין דעם „פּסוק", וועלכען מיר האָבען אויבען געשטעלט אלס „צווייטען בעוויז". דאָס איז זעהר א טשיקאווע ציטאַטע. מיט דיעזער ציטאַטע האָט זיך בענוצט סעמיועל גאָמפּערס אליין, און נאָך איהם זיינע אונטער־משרתים. זיי האָבען דאָס ארומגעטראַ־גען אויף שיסעל און אויף טעלער: נאַט, זעהט, ווי קאַרל מאַרקס זאגט בפירוש, אז די סאציאַליסטען זיינען געגען די טרייד יו־ניאָנס! אָבער אימיצער האָט דאָ פיליכט גאָמפּערס'ען אָבגע־טהאָן א שפּיצעל: ער האָט איהם הפנים געצייגט דעם דאָזיגען „פּסוק" פון מאַרקס'ען, כדי איהם איינצונאַרען אין זאַק. דען אין אמת'ן בעווייזט דאָרט מאַרקס די פאַלשקייט פון דיע־זען שטאַנדפּונקט!

דאָס געפינט זיך אין מאַרקס'עס בוך געגען פּרודאָן („דאָס עלענד דער פילאָזאָפיע"). מאַרקס קריטיקירט דאָרטען זעהר שטאַרק פּרודאָן'ס געגנערשאַפט צו די טרייד יוניאָנס און זייערע קעמפּפע. דערביי זאָגט ער דאָס, אז „די סאציאַליסטען" וועלען אייך זאגען, דאָס עס לוינט זיך ניט צו קעמפּפען דעם טרייד יו־

ניאַן קאַמפּף, ווייל וויפיעל די אַרבייטער זאָלען דערביי ניט גע־ווינען, וועלען זיי אַלײן בלייבען שקלאַפען צו די באָסעס. ווער זיינען דאָס אָבער „די סאָציאַליסטען", פון וועלכע מאַרקס רעדט דאָרט? דאָס ערקלערט ענגעלס דאָרטען אין אַן אָנמערקונג אין אַ שפּעטערער אויסגאַבע פון דעם בוך. ער זאָגט, אַז אין דער צייט ווען מאַרקס האָט דעם בוך געשריבען (185[illegible]) האָבען סאָציאַליס־טען פון מאַרקס'[illegible] חדר זיך ניט גערופען סאָציאַליסטען, נאָר קאָ־מוניסטען. און „סאָציאַליסטען" האָט מען דעמאָלט גערופען אַלער־ליי אַנדערע סאָציאַלע רעפאָרמער, וועלכע זיינען געוועזען געגנער פון דעם אַרבייטער קאַמפּף. מיט יענע „סאָציאַליסטען" האָבען מאַרקס און ענגעלס בסדר געהאַט שאַרפע ויכוחים. און פון יענע „סאָציאַליסטען" רעדט דאָס מאַרקס, ווען ער זאָגט, אַז „די סאָ־ציאַליסטען" זיינען געגנער פון טרייד יוניאָנס. אָבער ער זאָגט דאָס, אום צו צייגען ווי אונגערעכט זיי זיינען דערמיט.

* * *

וואָס אַנבעטרעפט די אַלגעמיינע לאָגיק פון מאַרקס'עס לעה־רע, זאָגט זי ניט, אַז די אַרבייטער מוזען פאַרליערען יעדע האָפ־נונג צו קענען פאַרבעסערן זייער לאַגע אונטערן קאַפּיטאַליזם, אום זיי זאָלען „מאַכען די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן", נאָר פּונקט פאַרקעהרט דערפון. מאַרקס'עס לעהרע איז ניט, אַז „וואָס ערגער איז בעסער", נאָר אַז „וואָס בעסער איז בעסער".

מאַרקס'עס לעהרע צייגט, אַז וואָס מעהר די אַרבייטער קעמפ־פען פאַר טאָג טעגליכע פאַרבעסערונגען און געווינען זיי, אַלץ מעהר אַנשפּרוך און שטאָלץ און מוטה און קאַמפּפס־לוסט און — ווי די קאַפּיטאַליסטען רופען דאָס — „חוצפּה", קריעגען זיי.

קאַרל מאַרקס האָט דאַרום מיט אַלע זיינע כוחות אַגיטירט פאַר אַלערליי פאַרבעסערונגען אין דער לאַגע פון די אַרבייטער, פאַרלויפיג אין דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג. אַלס פיהרער פון דער בערימטער „אינטערנאַציאָנאַלער אַרבייטער פערבינדונג", האָט ער פערפאַסט כמעט אַלע רעזאָלוציאָנען פון די קאָנגרעסען פון דיעזער „ערשטער אינטערנאַציאָנאַלע", וועלכע האָבען אָהן אויפהער געפאָדערט אַלערליי רעפאָרמען און פאַרבעסערונגען, — ווי געזעצע וועגען אַ קירצערען אַרבייטס־טאָג; געזעצע צום שוץ פון די אַרבייטער; שטיצע פאַר קאָאָפּעראַציאָנען א. ז. וו. בעזונ־

דערם שאַרפע רעזאָלוציאָנען האָבען אַלע קאָנגרעסען פון די „אינ־טערנאַציאָנאַלע" אָנגענומען צו גונסטען פון טרייד יוניאָנס, סטרייקס און באָיקאָטס.

און דאַרום האָט קאַרל מאַרקס געזאָגט, אַז דער 10־שטונ־דיגער ארבייטס טאָג געזעץ, וואָס דער ענגלישער פאַרלאַמענט האָט אָנגענומען פאַר פרויען און קינדער, איז געווען ניט בלויז אַ גרוי־סער געווינס פאַר די ארבייטער קלאַסע, נאָר אויך „אַ זיעג פון אַ פּרינציפּ".

וועגען די טרייד יוניאָנס בעזונדערס האָט מאַרקס געהאַלטען אַ ויכוח מיט אַ געוויסען וועסטאָן, וועלכער האָט בעהויפּטעט, אַז אין די קאַפּיטאַליסטישע אָרדנונג קענען די ארבייטער בשום אופן ניט פערבעסערען זייער לאַגע, ווייל ווען זיי קעמפּפען אויס הע־כערע פּערדיענסטען, ווערען לעבענס מיטלען אויף „פּונקט אַזוי פיעל טייערער" און די ארבייטער מוזען אויסגעבען ביי זייער קויפען לעבענס־מיטלען פּונקט אַזוי פיעל מעהר געלד, ווי זיי קריעגען מעהר לוין. דאַרום האָבען די טרייד יוניאָנס קיין שום ווערדע ניט. אויף דעם האָט קאַרל מאַרקס אבגעענטפערט מיט אַ גלענ־צענדער רעדע, וועלכע איז ארויסגעגעבען געוואָרען אין אַ בראָ־שורע אונטער דעם נאָמען „לוין, פּרייז און פּראָפיט". דאָרטען בעווייזט מאַרקס מיט אייזערנע לאָגיק, אַז וועסטאָן׳ס בעהויפּטונג איז אַ פאַלשע; אַז די ארבייטער קענען יאָ פערבעסערען זייער לאַגע אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט; אַז וואָס די אר־בייטער געווינען דורך סטרייקס דאָס איז און בלייבט טאַקי אַ געווינס פאַר זיי; און אַז דאַרום זיינען די טרייד יוניאָנס און זייערע קעמפּפע זעהר וויכטיג פאַר די ארבייטער.

מאַרקס האָט אַלזאָ געהאַלטען שטאַרק און אייזען פון די טרייד יוניאָנס. און ניט בלויז, ווי מאַנכע מיינען, ווייל זיי זיינען „אַ שולע פון סאָציאַליזם", „אַ פלאַץ צו רעקרוטירען סאָציאַליסטען". ניט בלויז, ווי אונזערע טרייד יוניאָניסטישע געגנער בעשולדיגען אונז, — ווייל מיר קענען „אויסנוצען" די טרייד יוניאָנס פאַר אונ־זער סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע. ניין, מאַרקס האָט געהאַלטען שטאַרק פון די יוניאָנס, ערשטענס, טאַקי פּשוט ווייל די ארביי־טער פערבעסערען זיך דורך זיי זייער לאַגע; און צווייטענס, ווייל

דורך זיי ענטוויקעלט זיך דער פראלעטאריאט אלס אן ארגאניזיר־טער קלאס.

געוויס האָט ער אויך געהאלטען די טרייד יוניאן בעוועגונג פאר דעם הויפט־מיטעל, וואס פיהרט צום סאציאליזם. דאָס איז געווען, ווי שוין געזאגט, דער גרונד־געדאנק פון זיין לעהרע. אָבער דערמיט איז ניט געמיינט, אז דאָס איז, ווייל די סאציאליס־טען קענען „אויסנוצען", „עקספּלואטירען" די טרייד יוניאנס פאר סאציאליסטישע „רעקרוט־ירונג". מארקס'עס געדאנק, דאָס די טרייד יוניאנס פיהרען צום סאציאליזם, בעדייטעט — ווי ער האָט אונצעהליגע מאָל ערקלעהרט — אז די נאטור פון דעם ארביי־טער־קאמפף דורך די טרייד יוניאנס, איז צו ענטוויקלען אן אר־גאניזירטע מאכט פון דעם ארבייטער קלאס, און דיעזע מאכט מוז ממילא ווערען א סאָציאל רעוואלוציאָנערע.

נאטירליך האָט ער געוואונשען, אז די טרייד יוניאניסטען זאלען ווערען בעוואוסטזיניג דערפון. נאטירליך האָט ער געהאלטען פאר די אויפגאבע פון סאציאליסטען אריינ־צוברייננגען אזא בעוואוסטזיניגקייט אין די טרייד יוניאנס. אבער ער איז געווען אן ענטשיעדענער געגנער פון גרינדען סאציאליסטי־שע אָפּאָזיציאנס יוניאנס. ער האָט דאָס דייטליך אויסגעדריקט אין א בריעף צו פאָן שווייצער אין דייטשלאנד, לאסאל'ס נאָכ־פאָלגער, וועלכער האָט איהם אָנגעפרעגט, אויב ער זאָל גרינדען אין דייטשלאנד סאציאליסטישע געווערקשאפטען, אין אפאזיציאן צו די פאך־פעראיינען וואס זיינען דעמאָלט בעשטאנען, וועלכע האָבען זיך ניט געוואלט אָנשליסען אָן זיין בעוועגונג. מארקס האָט איהם געענטפערט, אז עס איז געווען דער פעהלער פון לאסאל, „וואָס ער האָט ניט געזוכט דעם רעאלען פונדאמענט פון זיין אגיטאציאן אין דיווירקליכע עלעמענטען פון דער קלאסען־בעווע־גונג פון די ארבייטער (די טרייד יוניאנס), נאָר ער האָט גע־וואלט פאָרשרייבען דער ווירקליכער ארבייטער בעוועגונג א געווי־סען רעצעפּט פון זיין איינזייטיגען פּאָליטישען געדאנק, א רע־צעפּט וועגען דעם, וואס פאר א ריכטונג זי זאל נעהמען....."

„איהר פערלאנגט, אז די קלאסען־בעוועגונג זאָל דוקא נאָכ־געהן אויף דעם וועג פון אייער סעקטען־בעוועגונג"....

* * *

דאָ וועט מאַנכער לעזער שטעלען די פראַגע: אויב מאַרקס האָט שטאַרק געגלויבט אין פערבעסערען די לאַגע פון די אַרבייטער. אויך אין דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג, פאַר וואָס זאָגט ער, אַז די לאַגע פון די אַרבייטער ווערט דורך די ענטוויק־לונג פון קאַפּיטאַליזם „גאַלץ ערגער"? דעם ענטפער אויף דעם גיט מאַרקס אַליין גענוג דייטליך.

ערשטענס, צייגט ער, ווי פון נאַטור, ווען די אַרביי־טער זאָלען ניט קעמפּפען דאַגעגען, וואָלט עס געוועזען די טענ־דענץ פון די קאַפּיטאַליסטישע ענטוויקלונג צו מאַכען זייער לאַגע אין יעדער בעציהונג אַלץ ערגער און ערגער. אָבער ער זאָגט אַליין, ווי שוין אויבען געצייגט, אַז אין דער ווירק־ליכקייט ענטוויקלען די אַרבייטער אַ קאַמפּף־מאַכט, וועלכע דער־לאָזט ניט דיעזע טענדענץ פון קאַפּיטאַליזם אויספיהרען דאָס איה־ריגע; אַלזאָ, ווערט אין פיעלע בעציהונגען די לאַגע פון די אַרבייטער אימער בעסער.

צווייטענס, זאָגט טאַקי מאַרקס, אַז טראָץ דעם וואָס אין מאַנכע בעציהונגען ווערט די לאַגע פון די אַרבייטער, דורך די שווערע קעמפּפע פון זייערע יוניאָנס, אימער בעסער, ווערט זי — די אַרבייטער'ס לאַגע — דאָך, אין אַנדערע בעציהונגען, אימער ערגער און ערגער, וואָס מעהר די קאַפּיטאַליסטישע ענטוויקלונג געהט פאָרווערטס.

אָט איז, פאַר אַ ביישפּיעל, ווי מאַרקס דריקט דאָס אויס:

„...אינערהאַלב דעם קאַפּיטאַליסטישען סיסטעם איז אַזוי: אַלע נייע איינפיהרונגען, וואָס ווערען געמאַכט מיט דעם צוועק אַז די געזעלשאַפטליכע אַרבייט זאָל בעשאַפען וואָס מעהר, ווערען אויסגעפיהרט אויף די קאָסטען פון דעם איינצעלנעם אַרבייטער. וואָס מעהר די פּראָדוקציאָן ענטוויקעלט זיך, אַלץ מעהר ווערט זי אַ מיטעל צו בעהערשען און אויסצובויטען דעם אַרבייטער; אַלץ מעהר מאַכט זי פון איהם אַ צוקאַלעטשעטען טייל־מענש; ער־נידעריגט זי איהם צו זיין אַ נאָכשלעפּעניש נאָך דער מאַשין; מאַכט זי פאַר איהם די אַרבייט צו זיין אָבקומעניש און דערמיט טויטעט זי דעם אינטערעסאַנטען אינהאַלט פון דער אַרבייט; זי מאַכט איהם פאַר אַ פרעמדען צו דעם שכל און די קענטשאַפט פון זיין אַרבייט; וואָס מעהר וויסענשאַפט עס ווערט אַריינגענומען

אין דער ארבייט, אלץ וויניגער וויסענשאפט האָט דער ארבייטער אין איהר. זי (די קאפיטאליסטישע ענטוויקלונג) מאכט העסליך די בעדינגונגען, אונטער וועלכע ער ארבייט; זי אונטערווארפט איהם ביי דער ארבייט צו די געמיינסטע, העסליכסטע דעספאָטיע; זי פערוואנדעלט זיין לעבענסצייט אין ארבייטס צייט; זי ווארפט ארונטער זיין ווייב און קינדער אונטער דעם ריעזיגען ראָד פון קאפיטאל.... דארום, וואס מעהר דאָס קאפיטאל ווערט אנגעקליעבען, אלץ מעהר מוז זיך פערשלעכטערען די לאגע פון דעם ארבייטער, אלץ וואָס זיין בעצאָהלונג (לוין) איז, צי הויך צי ניעדריג"! (23טעס קאפיטעל, 4.)

דאָ קען דער לעזער זעהן, ווי מארקס זאגט דייטליך, אז די בעצאָהלונג, דער לוין פון די ארבייטער, קען ווערען העכער, אבער דאָך ווערט די לאגע פון די ארבייטער אלץ גערדריקטער, אין די אויסגערעכענטע פונקטען.

אין פיעלע אנדערע ערטער זאגט מארקס אויך דייטליך אז די לאגע פון די ארבייטער פערבעסערט זיך ווירקליך אין אבסאָלוטער בעציהונג, אין פיעלע הינזיכטען; אָבער רעלאטיוו, אין פערגלייך מיט דעם וואקסענדען רייכטהום און וואָהלשטאנד פון דער געזעלשאפט, ווערט זיין לאגע אלץ שווערער. אויך דריקט אויף איהם אלץ מעהר די אונזיכערהייט צו האָבען דעם מאָרגענדיגען אָנבייסען, די אָפטע נויטען דורך די אימער וואקסענדע קריזיסען.

אבער אין אנדערע בעציהונגען קענען די ארבייטער־קעמפפע פערבעסערען זייער לאגע. און זיי טהוען עס. און דאָס איז שטארק ווינשענסווערטה, לויט דער לעהרע פון קארל מארקס. דען זיין לעהרע צייגט, אז ערנידעריגטע, אָבגעלאָזענע, צולומפטע פראָלעטאריער קענען ניט מיט איין מאָל אריינשפרינגען אין א סאציאליסטישען גן־עדן דורך א סאָציאלע רעוואלוציאן. פריהער מוזען זיי זיך „אויסמענשלען" און „ליטיש" ווערען, דורך יאָהרען פון קאמפף און פערבעסערונג אין זייער לאגע, — דורך די טרייד יוניאָנס און דורך פאָליטישען קאמפף.

עס זיינען פאראן צוויי זאָרטען מארקסיסטען: איינער האלט קארל מארקס'ען פאר א גאָט; דער אַנדערער האלט איהם פאר א גרויסען מענשען.

גאָט אונטערשיידעט זיך פון א מענשען, אפילו פון דעם גרעסטען, אין פיעלע זאכען. צום ביישפיעל: גאָט מאכט קיין מאָל קיין גרייזען ניט, ער האָט קיין מאָל ניט קיין טעות, וועהרענד א מענש, אפילו דער גרעסטער, קען יאָ אמאָל האָבען א טעות. גאָט איז געגליכען צו א קעניג. דער כלל איז אז א קעניג קען ניט טהאָן קיין אונרעכט, קען ניט האָבען אונרעכט; וואס ער טהוט און וואס ער זאגט, איז רעכט. דאָס זעלבע איז מיט דעם „קעניג־פון־אלע־קעניגע", מיט גאָט. מיט א מענשען אָבער — ער מעג זיין דער גרעסטער פון אלע גאונים פון אלע דורות — קען אמאָל פאסירען, אז ער זאל עפעס זאגען אדער טהאָן, וואס איז ניט ריכטיג און ניט רעכט. מען איז דאָך ניט מעהר ווי א מענש.

גאָט איז א י ן א ל ץ א גאָט — אין יעדע זאך וואס ער טהוט אדער רעדט ארויס, אין יעדען קעהר וואס ער טהוט זיך. א גרויסער מענש אבער איז גרויס בלויז אין ג ע וו י ס ע זאַכען, אָבער ניט אין אלע. א גרויסער מאהלער, למשל, קען זיין א גאנץ געוועהנליכער שאך שפיעלער.

דער פערגלייך קען אפשר אויסקומען ווי א שפאס. עס איז אָבער ניט קיין שפאס. עס זיינען פאראן מארקסיסטען, וועלכע פערגטערען קארל מארקס'ען אין דעם ווערטערליכען זין פון דעם אויסדרוק. זיי האלטען איהם בוכשטעבליך פאר א גאָט, ניט פאר קיין מענשען.

מיט עטליכע יאהר צוריק האָט איינער פון די אמעריקאנער מארקסיסטען, איינער פון די אָנגעזעהענסטע, און טאקי אויך פון די פעהיגסטע, געשריבען א קריטיק אויף א געוויסען ווערק פון אן אנדער מארקסיסט וועגען קארל מארקס'ען. אונטער אנדערע זאכען האָט ער שארף קריטיקירט א שטעלע, וואו דער פערפאסער האָט זיך אויסגעשפראכען געגען מארקס'עס א געוויסע האנדלונג. „די צרה מיט דעם פערפאסער איז" — אזוי אונגעפעהר האָט געזאָגט דער קריטיקער — „וואס ער בעטראכט מארקס'עס האנדלונגען, אזוי ווי ער, מארקס, וואלט געווען א

געוועהנליכער מענש. ער איז אָבער געוועזן אַן אויסער־געוועהנליכער מענש, און דאָס מוז מען האָבען אימער אין זי־נען, ווען מען שאַצט אָפּ וואס ער האָט געטהאָן אָדער געזאָגט."

מיט אנדערע ווערטער ריידענדיג, הייסט עס, אז קארל מארקס איז געוועזן א גרויסער מאַן, אַן אונגעוועהנליכער מענש, ניט בלויז אלס א דיינקער, ניט בלויז אלס א עקאָנאָמיסט און א פערשטע־הער פון דער מענשליכער געשיכטע, נור אין אלין, אבסאָלוט אין אלין: עס הייסט, אז ער האָט געגעסען ניט ווי אלע מענשען, געשלאָפען ניט ווי אלע מענשען, געראויכערט א פאַפּיראָס ניט ווי אלע מענשען.

מען וועט אפשר בעמערקען, אז דאָס איז שוין א צו גרויסער מארקס־פאנאטיקער, אַן אויסנאהמע. עס איז אָבער ניט אזוי. אזעלכע פאנאטיקער געפינט מען צווישען מארקסיסטען א היבשען פּראָצענט. און פאנאטישע מארקסיסטען פון א ביסעל א מילדערען זארט, געפינט מען שוין גאר א היבשען פּראָצענט.

דיעזע מילדערע פאנאטיקער האַלטען אויך מארקס'ען ניט בלויז פאר א גרויסען מענשען נור פאר א מין גאָט. זיי קענען זיך אויך ניט פארשטעלען אז פאר איהם איז געוועזן מעגליך אין וואס עס איז א טעות צו האָבען. אַז עס מאכט זיך פּארט מארקס'עס א בעמערקונג אדער א מיינונג, וועלכע שטעלט זיך ארויס פאר א אייגען־שטעכענדען טעות? נעהמען זיך דיעזע איבערטריעבען־בעגייסטערטע מארקסיסטען דאָס צו פער'פּיטש'לען, פערגלעטען מיט פּלפּולים.

איך בין איבערצייגט אז מארקס'ען אליין וואלט פיעל אנ־גענעהמער געוועזן אז מען זאל איהם האלטען פאר א מענשען איידער פאר א גאָט. ווארים וואס פאר א כבוד איז דאָס צו זיין א גאָט? א קונץ איז דאָס צו קענען אלין טהאָן, ווען מען האָט אי־בערנאטירליכע קרעפטען? פאר וואס קומט אזעלכען א קאָמ־פּלימענט?

קארל מארקס האָט פיינט געהאט געטער. ער האָט זיי ארונטערגעריסען. ער האָט געגלויבט בלויז אין מענשען, אין אמת'ע מענשען, מענשליכע, עהרליכע, פרייע און ברידערליכע מענשען. די וואס מאכען איהם פאר א גאָט, בעליידיגען איהם אנשטאָט איהם צו עהרען.



ניט אַלץ וואס מארקס האָט געשריבען, בעלאנגט צו דעם מארקסיזם.

אין די פערשיעדענע שריפטען וואס ער האָט אליין געגעבען צום דרוק ארער וואס זיינען פון איהם איבערגעבליבען ניט געדרוקט, געפינען זיך זאכען, וועלכע האבען צו דעם מארקסיזם קיין שייכות ניט. אין זיי זיינען זאָגאר פאראַן מיינונגען, וועלכע שטימען ניט מיט מארקסיזם. זיין אַרטיקעל וועגען די אידען, צום ביישפּיעל, איז א שרייענדער ווידערשפּרוך צו דער לעהרע וועלכע טראגט היינט זיין נאָמען. דאָס זעלבע דארף מען זאָגען וועגען זיין טהעאָריע אין בעצוג אויף די סלאַווישע פעלקער.

יאָ, קאַרל מאַרקס איז ניט געוועזען פריי פון טעות'ן. ער איז געוועזען א גאון, און מיט זיין גאונ'ישע אויג האָט ער די וועלט פערשטאַנען אזוי טיעף אז ער האָט פאראויסגעזעהן דעם גאנג פון דער מענשליכער ענטוויקלונג. ווען מיר נעהמען זיינע פאראויסזאגונגען אין א ברייטען זין, זיינען זיי פערווירקליכט געווארען, און ווערען ווייטער און ווייטער פערווירקליכט. דאָס הייסט אבער ניט אז ער איז געוועזען א נביא. איינצעלהייטען פון זיינע פאראויסזאגונגען זיינען ניט אימער מקוים געווארען.

אפילו יענע מיינונגען זיינע, וועלכע זיינען אָנגענומען געווארען אלס פונקטען פון דער סאציאַליסטישער לעהרע, זיינען אויך ניט אימער א טייל פון דעם מארקסיזם. דער אינטערנאציאַנאליזם, צום ביישפּיעל, אין דער פארמע אין וועלכער ער האָט איהם געפּרעדיגט אין דעם קאָמוניסטישען מאַניפעסט, האָט ניט קיין וויסענשאַפטליכע פערוואַנדשאַפט מיט יענעם מאַטעריאַליסטישען גערַאנק, מיט יענע ערקלעהרונגען וועגען פּאָליטישער עקאָנאָמיע און היסטאָריע, וועלכע זיינען די הארץ און די נשמה פון דעם מארקסיזם.

די בעדייטונג פון קארל מארקס אין דער וויסענשאפט און אין דער געשיכטע פון דעם קאמפּף פאר פרייהייט און גערעכטיגקייט בעשטעהט הויפּטזעכליך אין זיינע אויפטהואונגען אלס עקאָנאָמיסט און אלס געשיכטע־פילאָזאָף — דאָס הייסט, אלס פאָטער פון אן איינג צוזאמענגעקניפּטע לעהרע, פון א וויסענשאפטליך גאנצע זאך.

אַט דיעזע היסטאָריש־עקאָנאָמישע, און עקאָנאָמיש־היסטאָרישע לעהרע זיינע איז דער מאַרקסיזם. אַט מיט דעם האָט ער דאָס אריינגעגעבען א נייעם גייסט אין דער מענשהייט'ס קאַמפּף פאַר איהר בעפרייאונג און גליק.

אַן אגיטאציע אָבצושאַפען פריוואַט אייגענטום און קאָנקורענץ און צו אָרגאַניזירען ציוויליזירטע געזעלשאַפטען אזוי אז א נאַציאָן זאָל לעבען ווי א גרויסע משפחה פון ברידער און שוועסטער, אזא אַגיטאַציע איז אָנגעפיהרט געוואָרען נאָך איידער מארקס איז געבאָרען געוואָרען און — אפילו אין זיין צייט — פון מענשען וואס האָבען קיין בעגריף ניט געהאט פון מארקסיזם. דיעזע אידיאַליסטישע אגיטאַציעס זיינען אָבער געוועזען געגרינדעט **בלויז** אויף אידעאַליזם, אויף א גילדערנעם **וואונש**, אז מענשען זאָלען אויפהערען צו לעבען ווי חיות און אָנפאַנגען זיך פיהרען אמת מענשליך. אָבער א גוטער וואונש איז פונקט אזא אונזיכערע זאַך ווי א תפילה. דער אונטערשיעד איז נור אין דעם וואס געוועהנליך איז מען מתפלל צו גאָט, און די דערמאָנטע אידעאַליסטען האָבען מתפלל געווען צו מענשען — אַפעלירט צו זיי, אז זיי זאָלען אויפהערען צו לעבען ווי חיות.

זייער תפילה איז געבליבען ווי א שטימע אין דער וויסטעניש. זייער וואונש איז געבליבען א הוילער **געפיהל**; זייער פלאַן האָט אויסגעזעהן ווי א חלום, א גילדערנער, אָבער דאָך ניט מעהר ווי א חלום.

איז געקומען קאַרל מאַרקס און האָט צו דעם געפיהל צוגעגעבען שכל.

דאַן איז דער הוילער וואונש פערוואַנדעלט געוואָרען אין א קלאָהרע פּאָראויסזעהונג; אין דעם גילדערנעם טרוים איז אריינגעגעבען געוואָרען די ממשות פון ווירקליכקייט. מען האָט בעגריפען אז עס איז ניט קיין פראַגע פון בעטען, נור פון פאָדערען, פון קאַמפּף. און מען האָט זיך ארומגעזעהן, אז דער קאַמפּף געהט סאַי ווי סאַי אָן. מען האָט איהם דערפיהלט, דעם קאַמפּף, און מען האָט איהם פערשטאַנען; מען האָט פערשטאַנען זיין זין און צו וואס ער פיהרט.

אַט מיט דעם — מיט דעם וואס קאַרל מאַרקס האָט צוגעגעבען שכל צום וואונש, האָט ער דאָס אבגעשטעמפּעלט זיין נאָמען

אויף דער אַלוועלטליכער אַרבייטער־בעוועגונג אַלס א קראַפט וואס פיהרט צו א נייעם מענשליכען לעבען; אַט מיט דעם איז ער דאָס געוואָרען א ריעזיגע פיגור אין דער געשיכטע פון דעם 19טען און 20טען יאָהר־הונדערט און פון אַלע צייטען.

דער מאַרקסיזם ווערט בעשטעטיגט. וואס ווייטער, אַלץ דייטליכער צייגט זיך אַרויס זיין כמיעות. יעדע גרויסע היסטאָ־רישע פּאַסירונג ווייזט ווי טיעף און ווי ריכטיג מאַרקס האָט פערשטאַנען די קאַפּיטאַליסטישע וועלט און די פערשיעדענע קרעפ־טען, וואס קומען אין צוזאַמענשטויס אין איהר.

דאָס געהט אָבער בלויז אויף דעם מ א ר ק ס י ז ם, אָבער ניט אויף אַלץ, וואָס איז ווען עס איז ערשיענען פון קאַרל מאַרקס'עס פעדער.

און דעם מאַרקסיזם גופא דאַרף מען אויך פערשטעהן אין א ברייטען, ניט א איינגען זין.

ווען מען זאָגט, אז דער מאַרקסיזם איז א וויסענשאַפט, הייסט דאָס ניט, אז ער איז אזא וויסענשאַפט ווי מאַטעמאַטיק, אָדער פיזיק, צום ביישפּיעל. ווען די מאַטעמאַטיק זאגט אונז אז צוויי מאָל צוויי איז פיער, למשל, איז דאָס ריכטיג אויפ'ן האָר, און עס איז אזוי אימער און אומעטום; אין יעדען יאהר־הונדערט און אין יעדען לאַנד איז צוויי מאָל צוויי פיער. אָדער די פיזיק זאָגט, למשל, אז ווען א מענש זאָל זיך שטעלען אויף אַזא און אַזאַ שטרעקע פון אַזאַ און אַזאַ שפּיעגעל, וועט ער אין דעם שפּיעגעל אויסקומען מיט'ן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף. נו, וועט עס אַזוי טאַקי זיין אימער און אומעטום. דאָס איז א שטרייננגער און פּינקטליכער כלל, וועלכער איז בעגרינדעט אויף שטרייננגע און פּינקטליכע געזעצען פון דער נאַטור און פון לאָגיק. מאַטעמאַטיק און פיזיק זיינען פּ י נ ק ט ל י כ ע ווי־סענשאַפטען.

די וויסענשאַפטען, אָבער, וואָס בעטראַכטען די מענשהייט מיט איהר געשיכטע, אדער איהרע קעמפּפע, אדער איהר ענטוויק־לונגס־גאַנג זיינען נ י ט ק י י ן פּ י נ ק ט ל י כ ע וויסענ־שאַפטען.

דער מאַרקסיזם איז אַלזאָ ניט קיין פּינקטליכע וויסענשאַפט.

ער ניט אונז אן אלגעמיינעם שכל, אן אלגעמיינעם גרונד־פּרינ־ציפּ.

ער איז א לייטענדער שטערען וואס ווייזט אָן דעם וועג, אויף וועלכען דער שיף פון אונזער בעוועגונג דארף זיך פּערנעה־מען איבער דעם שטורעמדיגען ים פון דעם קלאסען־קאמפּף. ער מוז אבער פערשטאנען ווערען בלויז ווי א גרונד־פּרינציפּ, ניט אימער פּינקטליך, ניט ווי א מאַטעמאַטישער געזעץ, ניט אימער ווערטערליך.

עס זיינען אָבער פאראן מארקסיסטען — און זייער צאָל איז ניט קליין — וועלכע פערהאלטען זיך צו דעם מארקסיזם אזוי ווי צו געאָמעטריע, פיזיק, כעמיע אדער אסטראָנאָמיע. ניין, זיי פערהאלטען זיך צו דעם מארקסיזם, אזוי ווי דאָס וואלט גע־ווען א גאָט־געגעבענער חומש, וואס זיין יעדער ווארט איז היילִיג.

דער מארקסיזם דארף דיענען אלס א פונדאמענט פון דער ארגאניזירטער ארבייטער בעוועגונג. דאָס הייסט אבער ניט אז יעדע שורה וואס איז פערבונדען מיט דיעזער טהעאָריע איז דורכ־געדרונגען מיט רוח הקדש און אז מען מוז אויף יעדען שריט פריהער א קוק טהאָן אין פּסוק און דאן טהאָן ווי אין פּסוק שטעהט.

די מארקסיסטישע לעהרע איז אונז טהייער ווי א רעליגיאָן איז טהייער די וואס דיענען איהר. דאָס הייסט אָבער ניט, אז מיר פערהאלטען זיך צו איהר אזוי בלינד, אזוי פאנאטיש ווי רעליגיעזע מענשען פערהאלטען זיך צו זייער אמונה. די לעה־רען פון א רעליגיאָן זיינען דאָגמאַס — לעהרען אויף וועלכע מען טאָר קיין קשיות ניט פרעגען. די לעהרען פון קארל מארקס זיי־נען ניט קיין דאָגמאַס.

ליידער אבער זיינען צווישען סאציאליסטען פאראָן ניט ווייי־ניג דאָגמאַטיקער, — מאַרקסיסטען, וואס פערהאלטען זיך צו מאַרקס'עס ערקלעהרונגען אזוי ווי צו דאָגמאַס; מאַרקסיסטען, וועלכע נעהמען אליין, וואס מארקס האָט געזאָגט, ווערטערליך און איינג־זיניג.

דער דאָגמאַטיקער קוקט ניט אויף קיין אומשטענדען; איהם קימערען ניט קיין פראגען פון צייט, פון מאָס, פון מענשליכען געפיהל. ער וויים נור פון א פערגליווערטען הייליגען פּסוק, וועל־

כען מען מוז פאָלגען, ניט פרעגענדיג קיין קשיות — אז ניט, איז מען אן אפיקורוס.

דאָס איז יענער טיפּ מארקסיסטען, וועגען וועלכע קארל מארקס האָט געזאגט אז זיי זיינען מעהר מארקסיסטען ווי ער, מארקס, אליין.

* * *

איך גלויב אז אונזער בעוועגונג האָט אין זיך א היבשע בי־סעל פון דיעזען זארט פאנאטיזמוס און אבערגלויבען; און איך גלויב אז די איצטיגע וועלט מלחמה האָט שוין פיעלעס פון דיע־זען פאנאטיזמוס און פון דיעזען אבערגלויבען צושמעטערט. פיע־לייכט זיינען נאָך ניט אלע בערייט דאָס אנצואנערקענען. אבער פריהער אדער שפּעטער וועט דאָס פאר אלעמען דייטליך ווערען.

איך גלויב אז ווען די מלחמה וועט זיך ענדיגען, און די וועלט וועט קומען צו זיך, וועט אונזער בעוועגונג זיין א געענדערטע — ניט אין דעם עיקר, נור אין פיעלעס פון איהר אויסערליכע פארמע.

יעדער נייער אידעאל שאפט פאנאטיזמוס. עס געדויערט צייט, עס פאדערט זיך א סך פראקטישע ערפאהרונג אָבצוטיילען דאָס ממשות'דיגע פון דאָס וואָס האָט קיין ווערטה ניט.

דער מארקסיזם ווערט מקוים, און וואס פריהער ער וועט פריי ווערען פון דעם פאנאטישען גייסט, פון דער דאָגמא שקלאַ־פעריי, אלץ מעהר וועט ער זיך צופאסען צו דער אונגעהויערער ראָלע וואס ערווארטעט איהם.

די מלחמה האָט שוין אַ היבשע ביסעל פון דיעזער דאָגמאַ־שקלאפעריי פון אונז אראבגעטרייסעלט.